# מילגרוים

## צייטשריפט פאר קונסט און ליטעראטור



### ערשטער באנד

העפט 1–6

בערלין לאָנדאָן

רמון / פארלאג פאר קונסט און ליטעראטור

Printed in Germany

# רִמּוֹן

## פארלאג פאַר קונסט און ליטעראטור

בערלין לאָנדאָן

דירעקציע

ד״ר מ. ווישניצער אליהו פאַאינסון אלעקסאנדער קאַגאַן

דער פארלאג גיט ארויס

## רמון־ביכער

אין פארשידענע צווייגן פון קונסט און ליטעראטור

## מילגרוים

א יידישע צייטשריפט פאר קונסט און ליטעראטור

## רמון

א עברעאישע צייטשריפט פאר קונסט און ליטעראטור

בוכהאנדלונגען ווענדן זיך מיט באשטעלונגען און אנפראגן אין קאנטאר פון **Rimon-Verlag, Berlin W 35, Am Karlsbad 11** איינצעלנע העפטן פון „מילגרוים" און „רמון" ווערן פארקויפט אין אלע אידישע און אין גרויסע נישט־אידישע בוכהאנדלונגען. — אזוי ווי די פרייזן ענדערן זיך פון טאג צו טאג ווערן קיין אבאָנעמענטן אויף אַ באשטימטן פרייז נישט אנגענומען. ווער ס׳וויל באקומען די העפטן צוגעשיקט כסדר מוז שיקען אַ באשטימטע סומע פון וועלכער מיר וועלן אפרעכענען ביים שיקן פון יעדן העפט דעם פרייז; אָדער מוז צושיקן אַ שריפטליכע מעלדונג אז ער וויל באקומען די העפטן מיט נאכנאמע. שיקן מיט נאכנאמע קאן מען חוץ דייטשלאנד נאָר אין פאלגענדע לענדער: דענעמארק, בעלגיע, פראנקרייך, האָלאנד, נאָרוועגיע, שוועדן, שווייץ, טשעכא־סלאוואקיי און אונגארן. — געלד קען מען שיקן דורך אַ טשעק אויף אַ באנק, פאָסט־אנווייזונג אָדער מזומן אין דייטשער וואלוטע אין אַ פארזיכערטן בריף.

אדרעס פון רעדאַקציע

**Dr. M. Wischnitzer, Berlin W. 50**

**Ansbacherstr. 32.**

אדרעס פון אַדמיניסטראַציע

**A. E. Kogan, Berlin W. 35**

**Am Karlsbad 11.**

# רמון-ביכער

## אין פארשידענע צווייגן פון קונסט און ליטעראטור

רעדאקטאר ד״ר מ. ווישניצער

עסזוערן צוגעגרייט:

**חיים נחמן ביאליק \ קטינא כל בו**

עברעאיש, אַ קינדער-ליעד, אילוסטרירט.

**ד״ר משה גאַסטער \ די כתובה**

מיט אסך פארביגע מיטלאלטערליכע אילוסטראציעס. יידיש, עברעאיש, ענגליש.

**פ. לאנדסבערגער \ אימפרעסיאניזם און עקספרעסיאניזם**

מיט אַסך בילדער. יידיש און עברעאיש.

**רחל ווישניצער \ יוסף אבן-חיים אַ יידישער מאלער פון 15. יארהונדערט.**

מיט פארביגע אילוסטראציעס. יידיש, עברעאיש און דייטש.

**ט. מאָמזען \ יהודה און יודן פון יוליוס-צעזאר ביז דעאָקליטיאַנוס.**

מיט אַ פאָררעדע פון פראָפ. א. י. טויבלער, לאַנדקאַרטן און אָרנאַמענטן. יידיש און עברעאיש.

**ד״ר יעקב קלאַצקין \ הערמאן קאהען, זיין עטיק און זיין אידישקייט.**

מיט בילדער און פאקסימיליע. עברעאיש און רוסיש.

**פראפ. אלעקסאנדער קולישער \ גראף ביקאנספילד.**

מיט אַסך בילדער און פאקסימיליעס. עברעאיש און רוסיש.

**ערנסט קויכל \ וולאדימיר סאָלאָוויאָוו.**

מיט בילדער און פאקסימיליע. יידיש, עברעאיש, רוסיש.

**אברהם צבי אידעלזאָן \ נגינת עמי המזרח.**

עברעאיש, מיט נאָטן.

# מילגרוים

## צייטשריפט פאר קונסט און ליטעראטור

די צייטשריפט גייט ארויס איינמאָל אין צוויי חדשים אין פאָרמאַט פון דעם העפט, אויף קונסטדרוקפאַפּיר מיט אַ פאַרביגן שער־בלאַט. זי איז געווידמעט פאַר קונסט, מוזיק און טהעאַטער, דער עיקר דער יידישער קונסט אין עבר און איצט. יעדעס העפט האט אנ׳ערך פינף און צוואנציג בילדער, אַ טייל פון זיי פאַרביג, און אַ סך שוואַרצווייסע צייכנונגען. אין ליטע־ראַרישן טייל קומען דערציילונגען, שירים, קריטיק און ארטיקלען וועגן ליטעראַטור, קונסט און וויסנשאַפט פון די בעסטע שרייבר.

**עס נעמען אנטייל** י. אפאטאשו, דר. מאיר באלאבאן, ד״ר הוגא ביבער, דוד בערגעלסאן, מאכס בראד, ד״ר מ. גאסטער, ד״ר נ. מ. געלבער, ד. האפשטיין, ד״ר מ. ווישניצער, רחל ווישניצער־בערנשטיין, ד. י. זילבערבוש, ד״ר רפאל זעליגמאן, וואלדעמאר זשארזש, מלך חמעלניצקי, פראפ. א. י. טויבלער, פראפ. פ. לאנדסבערגער, וו. לאצקי־בערטאלדי, מ. ליוושיץ, א. לעווינסאן, ד״ר ג. מארצינסקי, י. מייער־גרעפע, דער נסתר, ד״ר מ. סאלאווייטשיק, ד״ר וו. פרענגער, סטעפאן צווייג, ל. קוויטקא, ד. קיגען, זלמן רובאשאוו, ד״ר א. ז. שווארץ, ד״ר מיכאל שווארץ, נחום שטיף (בעל דמיון), ד״ר י. שיפער און אנדערע.

# רמון

## מאסף עתי עברי לאמנות ולספרות

המאסף יוצא אחת לשני חדשים בגודל החוברת הנוכחית. נדפס על־גבי נייר מן המובחר ומעוטף במעטפה מצוירת בשלל צבעים. המאסף מוקדש לאמנות, לנגינה ולתיאטרון, ביחוד לאמנות הישראלית שבעבר ובהוה. בכל חוברת באים כעשרים וחמשה ציורים, קצתם בשלל צבעים, והרבה תמונות וקישוטים. החלק הספרותי מכיל ספורים ושירים, בקורת־ספרים ומאמרים על נושאים ספרותיים, אמנותיים ומדעיים מטובי הסופרים.

**משתתפים** א. צ. אידלזון, ח. נ. ביאליק, ד״ר הוגו ביבר, ד״ר מאיר בלבן, ש. בן־ציון, מכס ברוד, ד״ר ש. ברנפלד, ד״ר מ. גאסטר, מרדכי גולדנברג, שמעון דובנוב, ד״ר ש. א. הורודצקי, ש״י איש הורוויץ, צבי ויסלבסקי, ד״ר מ. ווישניצר, רחל ווישניצר־ברנשטיין, דוד ישעיהו זילברבוש, ד״ר רפאל זליגמן, מ. א. ז׳ק, וולדמר זשורזש, פרופ׳ א. י. טויבלר, מ. ד. לאנגר, א. לוינסון, י. ליכטנבוים, פרופ. פ. לנדסברגר, יוליוס מאיר־גרפה, ד״ר ג. מרצינסקי, ד״ר מ. סולובייציק, אריה סימון, ש. י. עגנון, א. פוזנאנסקי, א. פוירשטיין, יעקב פיכמאן, ד. א. פרידמאן, דוד פרישמאן, ד״ר ש. פרלמן, וו. פרנגר, סטיפאן צווייג, ד״ר יחזקאל קויפמאן, פרופ. א. קולישר, יעקב קופליביץ, ד״ר יעקב קלאצקין, משה קליינמאן, יצחק קצנלסון, ברוך קרופניק, זלמן רובשוב, ד״ר א. ז. שווארץ, מיכאל שוורץ, יעקב שטיינברג, ד״ר י. נ. שמחוני ועוד.

# RIMON

## VERLAG FÜR JÜDISCHE KUNST UND LITERATUR, G. m. b. H.

BERLIN ✻ LONDON

Verlagsdirektion: A. Kogan, J. Paenson, Dr. M. Wischnitzer

---

Veröffentlichungen des RIMON-Verlages:

# RIMON-BÜCHER

Herausgeber: Dr. M. Wischnitzer

In Vorbereitung sind:

*Ch. N. Bialik,* Ktina Kolbo, ein Gedicht für Kinder. Mit Illustrationen u. Schmuck. Hebräischer Originaltext.

*Dr. M. Gaster,* Die Ketubah. Mit farbigen Abbildungen. Englische, jiddische und hebräische Ausgabe.

*Prof. Franz Landsberger,* Impressionismus und Expressionismus. Mit zahlreichen Illustrationen. Jiddische und hebräische Ausgabe.

*Rahel Wischnitzer-Bernstein,* Joseph ibn Hayyim, ein jüdischer Illuminierer des 15. Jahrhunderts. Mit farbigen Abbildungen. Englische, jiddische, hebräische und deutsche Ausgabe.

*A. Z. Idelson,* Die Musik des Orients. Mit Notenbeispielen. Hebräischer Originaltext.

*Th. Mommsen,* Judaea und die Juden. Mit einer Einleitung von Prof. E. Täubler und Karten. Hebräische und jiddische Ausgabe.

*Dr. J. Klatzkin,* Hermann Cohen. Mit Bildnissen. Hebräische und russische Ausgabe.

*Prof. A. Kulischer,* Graf Beaconsfield. Mit zahlreichen Porträts und Handschriften-Faksimiles. Hebräische, englische und russische Ausgabe.

*E. Keuchel,* Wladimir Ssolowiew. Mit Bildnissen. Hebräische und russische Ausgabe.

# MILGROIM

## ZEITSCHRIFT FÜR KUNST UND LITERATUR IN JIDDISCHER SPRACHE

Die Zeitschrift erscheint alle zwei Monate, im Format dieses Heftes, auf Kunstdruckpapier, mit farbigem Umschlag. Sie beschäftigt sich mit den bedeutungsvollen Erscheinungen der bildenden Kunst, der Musik und des Theaters. Besonderes Gewicht wird auf das künstlerische Schaffen der Juden unserer Zeit und der Vergangenheit gelegt. Jede Nummer bringt 15 bis 20, zum Teil farbige, Abbildungen und zahlreiche Schwarzweiß-Zeichnungen. Der literarische Teil enthält Belletristik, Dichtung, kritische und philosophische Aufsätze.

# RIMON

## ZEITSCHRIFT FÜR KUNST UND LITERATUR IN HEBRÄISCHER SPRACHE

Von gleichem Umfange und Charakter in bezug auf den künstlerischen Teil wie Milgroim, jedoch verschiedenen literarischen Inhaltes.

Heft 1 soeben erschienen!

Buchhändler und Buchvertriebsagenturen wenden sich mit Anfragen betreffs Bezugsbedingungen und mit Bestellungen an die Expedition des RIMON-VERLAGES, BERLIN 35, Am Karlsbad 11. / Einzelhefte der Zeitschriften MILGROIM und RIMON sind in den größeren nichtjüdischen sowie allen jüdischen Buchhandlungen erhältlich. / Infolge der schwankenden Herstellungskosten werden Jahresabonnements zu im voraus festgesetzten Preisen nicht entgegengenommen. / Lieferung erfolgt gegen Nachnahme oder gegen Voreinsendung des Betrages per Scheck, Postanweisung oder Geldbrief an die Expedition des Verlages. / Alle Zusendungen für die Redaktion werden an Dr. M. Wischnitzer, Berlin W 50, Ansbacher Str. 32, erbeten.

HEFT 1 1922

# MILGROIM

## ZEITSCHRIFT FÜR KUNST UND LITERATUR

Herausgeber: Dr. M. Wischnitzer · Redaktion des belletristischen Teils: D. Bergelson und Nistor

Redaktion des künstlerischen Teils: Rahel Wischnitzer-Bernstein

---

### *Inhalt:*



An den »Milgroim«-Blättern wirken mit außer den genannten Autoren:
*Dr. M. Balaban, Ch. Bialik, Max Brod, M. Chmielnicki, S. M. Dubnow, Dr. W. Fraenger, Dr. M. Gaster, Dr. N. M. Gelber, Woldemar George, Prof. D. Koigen, Prof. Franz Landsberger, W. Latzki-Bertoldi, A. Lewinson, M. Lifschitz, Dr. G. Marzynski, J. Opatoschu, S. Rubaschow, Dr. I. Schipper, Dr. A. Z. Schwarz, Dr. M. Schwarz, N. Stif, Prof. G. Weil, Stefan Zweig u. a.*

### *Verzeichnis der Abbildungen:*



Umschlag, sämtliche Vignetten und Leisten, sowie Titel auf Seite 2 und 8 gezeichnet von Prof. E. Böhm. Die übrigen Titel von Franziska Baruch. Schutzmarke, entworfen von R. Wischnitzer-Bernstein, ausgeführt von Tobias Schwab. Die illustrative und drucktechnische Leitung lag in den Händen von Alexander Kogan und R. Wischnitzer-Bernstein.

העפט 1 **מילגרוים** 1922

# מילגרוים

## צייטשריפט פאר קונסט און ליטעראטור

אלגעמיינע רעדאקציע
ד״ר מ. ווישניצער

בעלעטריסטיק רעדאגירט פון
דוד בערגעלסאן און דעם נסתר

קונסט רעדאגירט פון
רחל ווישניצער-בערנשטיין

## אינהאלט



דער ארטיקל פון מייער-גרעפע איז איבערגעארבעט דורכן מחבר פאר „מילגרוים״ לויט זיין בוך וועגן סעזאן און זיין קרייז און איז איבערגעזעצט פון זלמן רובאשאוו. די ארטיקלען פון פראפ. טויבלער און פון ד״ר בי-בער זיינען איבערגעזעצט פון מאנוסקריפט דורך נ. שטיף (בעל-דמיון).

דער שער בלאט, די נעמען פון די אר־
טיקלען אויף זייט 2 און זייט 8 און ס׳רוב
וויניעטען זיינען פון פראפ. ע. בעהם. *
די נעמען פון די איבריגע ארטיקלען זיי־
נען געשריבן פון פראנציסקא ברוך. * די
וויניעטע אויף זייט 40 איז פון מ. קאַלין. *
דער פארלאג־צייכן איז געצייכנט, לויט
דעם עסקיז פון רחל ווישניצער־בערנשטיין,
דורך טוביה שוואב. * די זאצארדנונג פון
די שירים איז פון י. ב. ריבאק. * די
קונסטטעכנישע אויפזיכט — אלעקסאנדער
קאָגאַן און רחל ווישניצער־בערנשטיין.

געדרוקט אויף קונסטדרוקפאפיר פון דער פירמא שויפעלן אין אויבערלענינגען (ווירטעמבערג) אין דער קונסטדרוקעריי פון
Dr. Selle & Co. A.-G., Berlin SW 29, Zossener Str. 55

# מילגרוים




דער סדר. פון אַן הגדה פון 14־טען יאָרהונדערט (בריטיש מוזעאום Add. 14761)




דער נאַטוראַליזם האָט בײַ יודן ניט געהאַט קיין באַדייטנדע פאָרטרעטער. דער בוים, דער טייך, דער באַרג זיינען אַליין און פאַר זיך קיינמאָל ניט געווען וויכטיג פאַר א יודן, אַפּילו ניט דער מענש, אויף וויפיל ער באַדייט בלויז א אויסערליכע ערשיינונג. דאָס יודישע אויג איז קיינמאָל ניט נייגיריג בודק צו זיין אַלע ניואַנסן פונ׳ם גרינעם בלעטעלע בעת עס שפּילט אויף אים דער זונענשיין. די הנאה וואָס מיר האָבן קוקנדיג אויף א טיפּישע באַוועגונג, ווי למשל אויף א בויער וואָס אַקערט, אויף א מוטער וואָס זויגט אַ קינד, אויף א פערד וואָס לויפט, און ד. גל. איז נאָך אַלץ געבליבן פרעמד דעם יודישן קינסטלער. ערשט ווען די קונסט איז אַוועק ווייטער פון דער וועלט פון ערשיינונגען, האָט זי אים אָנגעהויבן צו ציהען צו זיך. לעוויטאַן האָט געקאָנט ווערן דער אויסטייטשער פונ׳ם רוסישן פּייזאַזש ערשט דענסטמאָל ווען די נאַטוראַליסטן האָבן אַרויסגעפונען די עלעמענטן פונ׳ם פּייזאַזש און די אויפגאַבע פונ׳ם קינסטלער איז געוואָרן צו אָרגאַניזירן, פון ס׳נײַ אויפצובויען, אָבער ניט קנעכטיש נאָכצומאָלן. האָט ער געגעבן דעם לירישן פּייזאַזש, דאָס הייסט די נאַטור ווי זי שפּיגלט זיך אָפּ אין די אויגן פון אַ אינטעליגענט, וועמען די שטאָט איז שוין נמאס געוואָרן. פּיסאַראָ האָט געקאָנט נתגלה ווערן, ערשט ווען די אימפּרעסיאָניסטן האָבן געמאַכט דעם פּרוב אויף ס׳נײַ צו אָרגאַניזירן די נאַטור. דאָס האָט שוין געקענט אַ יודן ציהען: אויסצוזוכן אין דעם אָפּטישן רושם פון דער נאַטור די עלעמענטאַרע פאַרבן; אין דעם ים פון ערשיינונגען צו געפינען די פּאָר עפעקטן פון ליכט.

אָבער קיינמאָל האָט זיך נאָך אַ יוד ניט איבערגעגעבן מיט אַזוי פיל התלהבות צו דער קונסט פון זיין דור ווי היינט. קיינמאָל האָט ער ניט געפילט ווי היינט אַז די קונסט איז זיינע אַנ׳אייגענע, זעהר חשובע זאַך וואָס האָט צו אים א פּערזענליכע שייכות. ווארום דער אַקערער און דער שניטער אויף דעם פעלד זיינען אים פאָרט ניט געווען נוגע. ניט ער האָט געאַקערט, ניט זיינע ברידער האָבן געאַקערט. די נאַטור מיט איר גאַנצע עשירות איז אים געווען גלייכגילטיג, ווייל ער האָט געלעבט אין גאָר אַנ׳אַנדער וועלט.

די קונסט פון היינט אָטעמט די זעלביגע הייסע לופט וואָס עס אָטעמט דער יוד, און שאַפט ריטמען, וואָס קלינגען אין זיינע אויערן. אָט די קונסט איז טאַקע זיין אייגן פּנים, בלוט פון זיין בלוט, און קיין קרבן איז אים דעריבער ניט שווער פון איר טוועגן. זי קעמפט צוליב אַנ׳אויסדרוק און ער קעמפט צוליב אַנ׳אויסדרוק פון זיין תּוך. די צייט איז געראָטן ווייל אַלע ווערן געטראָגן פון דעם זעלביגן רצון. איצט קען זיך דער יוד אָפּגיבן מיט לייב און לעבן דער קונסט און קיינער וועט זיך ניט חדושן, אַלע וועלן עס פאַרשטיין.

ווי גאָר אַנדערש איז געווען די לאַגע אין סוף פון מיטלאַלטער, בשעת ס׳איז אָנגעקומען אַ מבול מיט נאַטוראַליזם און האָט געוואָלט פאַרפלייצן די אַרבעט פון דורות אויפצובויען אַ סטיל. די בוכדרוקעריי איז איינגעפירט געוואָרן און אין דער נייער טעכניק פון מאַסנפּראָדוקציע זיינען א סך פּערזענליכע ווערטן געגאַנגען לאיבוד. דאָס גרויסען־זיך מיט די טעכנישע המצאות האָט זיך אויסגעדריקט און א זאַטער הנאה פון דער אויסערליכער וועלט; בלויז פון חיצוניות האָט מען געקליבן נחת, און קיינער האָט ניט געהאַט אין זינען קיין תּוך־זאַכן. קונסט האָט באַדייט דענסטמאָל אויסערליכער גלאַנץ און הנאה פון לוקסוס.

צווישן די ווייניגע וואָס זיינען נישט מיטגעלאָפן, וואָס האָבן זיך געשטעלט אָן אַ זייט פון דעם יום־טוב׳דיגען נצחון־צוג פון אַ קונסט וואָס איז נושא־חן ביים ברייטן עולם דערפאַר ווייל זי חנפה׳ט זיין געשמאַק, איז געווען יוסף אבן־חיים, דער מיניאַטור־מאָלער, וועמענס פּראַכטווערק איז ערשט דא ניט לאַנג פון דאָס׳נײַ געפונען געוואָרן און געהערט צו דער באָדלעאַנישער ביבליאָטעק אין אָקספאָרד. די מאָדע פון זיין צייט האָט אויף אים קיין שליטה נישט געהאַט, איבער אים האָבן געוועלטיגט אַנדערע כּוחות. די מאָלער אַרום אים זיינען נתפּעל געוואָרן פון רייכטום פון דער נאַטור און האָבן זיך געסטאַרעט אָפּצומאָלן: די ביימער, דעם טייכל וואָס רינט דורך דעם טאָל, די פּאַלאַצן און די שענע מענשן. נישט פאַרגליווערט אין יאָך פון טראַדיציע, נאָר פראַנק און פריי, ווי עס פּאַסט פאַר אַ פרייען מענשן, וואָס איז בעל הבית איבער זיך אַליין, דאָס איז דער קונסט־אידעאַל פון דער רענעסאַנס צייט.

יוסף אבן־חיים, אַ שפּאַנישער יוד, האָט נישט געהאַט קיין חוש פאַר פרייהייט און פאַר די שטאָלצע תּנועות פון דער אַלמעכטיגער פּערזענליכקייט, פאַר וועלכער די נייע קונסט איז דענסטמאָל געפאַלן כּורעים. אפשר זיינען אין דעם געווען שולדיג די שחיטות פון ענדע 14 יאָרהונדערט, וואָס האָבן געקאָסט דאָס לעבן פון הונדערטטויזענדער יודן אין שפּאַניען. די אייניקלעך זיינען נאָך פאַרציטערטע געוואָרן דערמאָנענדיג זיך אין די דאָזיגע גזרות, און יוסף אבן־חיים האָט דאָך געשאַפן ערשט אין די זיבציגער יאָרן פון 15 יאָרהונדערט.

ער האָט נישט געהאַלטן פון די אַלע חדושים וואָס האָבן געקענט ברענגען אין סכּנה זיין „עבודת־הקודש”. און וואָס האָט באמת געקענט דער נאַטוראַליזם געבן דער בוכקונסט? ווי אַזוי זאָל די ממשות׳דיגע פּלאַסטיק, דער רוים פון די דריי דימענזיאָנען, אויסגעדריקט ווערן אויף דעם פלאַכן שטח פון אַ מיט אותיות באַדעקטן שער־בלאַט? א זייטל פון א שענעם ספר מוז אויסזעהן גאַנץ פלאַך, פאַרצירט, מעשה־אָרנאַמענט.



מרים׳ס געזאנג. פון אַ הגדה פון 14־טען יאהרהונדערט (בריטיש מוזעאום Or. 2737)

ווי אַ טעפיך, און דארף ניט ארויסרופן דעם רושם פון אַ טיפן חלל. ווער ס׳האט אַמאָל אַריינגעקוקט אין יוסף אבן־חיים׳ס אילוסטראַציעס צום תנ״ך, וועט מוזן מודה זיין, אַז ער איז געווען גערעכט.

אָטדאס פּראָבלעם קומט תּמיד ווידער אויף. צי זאָל זיך די מאָלעריי — דאס הייסט, די קונסט צו באַאַרבייטן א שטח מיט פאַרבן, — צי זאָל זי זיך סטאַרען פאָרצושטעלן אויך דעם רוים אין זיינע דריי דימענזיאָנען, אָדער זאָל זי בלייבן אין אירע גרעניצן און זאָל זיך אָפּזאָגן צו מאַכן דעם איינדרוק פון אַ טיפן חלל? דער מיטעלאַלטערליכער מאָלער פלעגט זיך אַרויסדרייען דערפון אויף אַ קלוגן אופן: ער פלעגט בויען זיין סצענע נישט אין דער טיף נאָר אין דער ברייט. אַ המון מענשן פלעגט ער דאָס רוב מאָלן ווי אַ פּראָצעסיע, וואס שפּאַצירט פאר די אויגן פונ׳ם צוזעהער פון רעכטס אויף לינקס אָדער פאַרקערט. ער וואָלט קיינמאָל ניט געהאַט די העזה צו באַנוצן אזא עפעקט ווי ס׳קומט אָפט אויס צו זעהן, למשל ,אין קינעמאַטאָגראַף — אז אַ זאַך לויפט אַרויף אויף דעם צוזעהער (די אייזנבאַן למשל אין קינעמאַטאָגראַף). אָבער דער קינעמאַטאגראף אויך אפילו מוז אָנקומען צו פּשרות. דער לאָקאָמאָטיוו וואס לויפט אויף דעם צוזעהער ארויף מיט גרויס אימפּעט און ווערט אלץ גרעסער און שרעקליכער, פּלוצלינג, אין רעכטן לעצטן מאָמענט, פאַרקערעוועט ער זיך בשעת עס דוכט זיך אַז אָט אָט שפּרינגט ער אַרויס פון דער לייווענט, אויף רעכטס אָדער לינקס און די וואַגאָנעס קוקן שוין ארויס פון דער זייט, באַוועגנדיג זיך פאַמעליכר און באַרוהיגנדער.

דער מאָלער קען אַרויסרופן דעם רושם פון טיפקייט, ווען ער גיט אַכטונג אויף פּערספּעקטיווע. דער מאלער פון דער רענעסאַנס צייט למשל פלעגט זיך סטאַרען משער צו זיין גענוי ווי ווייט ווערן די זאַכן קירצער, דורכדעם, וואס זיי דערווייטערן זיך פונ׳ם אויג. ער פלעגט אויך שטודירן די פאַראַנדערונגען פון די פאַרבן פונדערווייטנס. אָט אַזוי האט ער געמיינט אַז דורך די פּערספּעקטיווע פון ליניען און לופט וועט ער קענען געבן די אילוזיע פון דער ווירקליכקייט.

אין די זעכציגער יאָהרן האָבן די אימפּרעסיאָניסטן פאַרפיינערט די אילוזיע־מאלעריי דורך דעם, וואס זיי האָבן צעטיילט די פאַרבן אויף זייערע עלעמענטן, למשל, גרין אויף געל און בלוי, און אזוי ווייטער. זיי האָבן באַנוצט ביי׳ם מאָלן נור די עלעמענטאַרע פאַרבן און האבן עס איבערגעלאָזן דעם צוזעהער גופא אַז ער אליין זאָל פאַרזשמורנדיג די אויגן און אַוועקגעהנדיג אַביסל ווייטער פון בילד העלפן אַז די פאַרבן זאלן זיך קאָמבינירן און די נויטיגע אילוזיע זאל באשאפן ווערן.

די מאָלעריי איז געוואָרן אַ מין וויסנשאַפט, אַ לימוד וועגן פאַרבן, און די קינסטלער פלעגן זיך אויף אַ ווייל פאַרטאָן אין אָט דעם לימוד; אבער וואס די מאלעריי האט געוואונען אין אילוזיע האט זי פאַרלוירן אין אויסדרוק. מ׳האט באלד באַמערקט, אז א בילד פון דזשיאָטאַ, וואס האט נאָך קיין שום השגה ניט געהאַט פון פּערספּעקטיווע און אודאי ניט פון פרייליכט־מאָלעריי, דוקא דזשיאָטאָ רעדט צו אונזער האַרצן אויף עפּעס א גאַנץ אנדערען, אונמיטעלבאַרען אופן און מאכט נאך היינט, נאָך זעקס הונדערט יאָר, אויף אונז דעם זעלביגן געוואַלטיגן רושם ווי אַמאָל.

לאָמיר אויף איין ווייל פאַרגעסן, מיט וואס פאר אַ מיטלען דער דאָזיגער אונגעהייערער רושם איז דערגרייכט געוואָרן. ווארום איז דען באמת דאָס מיטעל דער עיקר? דזשיאָטאָס קונסט איז טאַקי די קונסט פון שטח, אָבער די קונסט פון גרעקאָ, וועלכע ווירקט אויף אונז נישט וועניגער סוגעסטיוו, איז די קונסט פון רוים.

דזשיאָטאָ שטעלט אויס זיינע פיגורן פון פאָרנט, מעשה־פּראָצעסיע, און גרעקאָ שטעלט זיי אויס קיילעכיג, און זאָגט זיך נישט אָפּ פון צו מאַכן דעם רושם פון אַ טיפן חלל. אדרבה דורך דעם וואס ער איז מרמז אויף עפּעס א הינטערשטן רוים, וואָס פאַסט איין און שליסט אָפּ דאס גאנצע בילד, וועבט ער אונז אָטדי אויסטערלישע געדיכטקייט פון דער אַטמאָספערע, און רופט אַרויס אָט יענעם ברען פון מיסטישער דבקות מיט וואס עס צייכנן זיך אזוי אויס זיינע בילדער.

די קונסט פון דזשיאָטאָ און גרעקאָ איז רעליגיעז. אָהן דער רעליגיעזער התלהבות וואָלט זייער שאַפונג געווען אוממעגליך.

אָטדי רעליגיעזע התלהבות איז עס אויך, וואס ווירקט אויף אונז אזוי שטארק אין די אילוסטראציעס פון די מיטל-



ישכר־בער ריבאַק. שקלאָווער שול (אויגוסט 1917).

אלטערליכע הגדות של פסח. עטליכע שענע פראָבן ברענגען מיר אין דער נומער. מ׳זעהט אז פאר׳ן קינסטלער איז עס געווען זעהר א חשוב׳ער ענין. דער סדר איז פאר אים א דבר שבקדושה און ניט גלאט סתם א מנהג. און ווייל דאס געפיל פון פאָלקס־אחדות איז געווען לעבעדיג אין זיין נשמה, האט יעדער סימוואָל פון דער דאָזיגער אחדות באַדייט פאַר אים א טיף ערלעבעניש. עד היום באַטראַכטן מיר מיט אַ אינווייניגסטן ציטער זיין בילד פון מתן־תורה (ז. 7) אין די אילוסטראַציעס פון דער סאַראַיעווער הגדה. אַרומגערינגלט פון וואָלקענס רויך און פייעריגע צונגען, וואס ראַמען־איין זיין געשטאלט, שטייט משה רבינו הויך איבער די קעפ פונ׳ם גאַנצן פאָלק. זיין קוק איז ניט געווענדט אונטן צום פאָלק צו, נור גלייך, אין דער ווייטער אומענדליכקייט אריין, און מיט ביידע הענט האַלט ער הויך און גראָד די שטיינערנע לוחות. דער ברייטער עולם וואס טומלט זיך אונטן און קוקט צו אים אַרויף זעהט אויס ווי אַ ברייטער זיכערער פונדאַמענט פאַר דער שלאנקער פיגור פונ׳ם פירער. דאס גאַנצע בילד איז ווי אויסגעגאָסן פון איין שטיק, א תפילה, דאס אויפברויזן פון אַ נשמה וואס רייסט זיך צו גאָט. אָט אזוי זעהן עס האט געקענט נאָר א קינסטלער, אין וועמענס האַרץ עס לעבט פול דאס געפיל פון אַ אויסגעבונדנקייט מיט זיין פאָלק.

אין 13 יאָרהונדערט אין שפאַניען האט דאס געפיל פון דער פאָלקסאיינהייט נאָך געלעבט אין אַ גאָר הויכער מאס.

אויך ביי אונזערע יונגע קינסטלער פון היינט איז אָטדאס געפיל פון דער צוגעהעריגקייט צום פאָלקסאָרגאַניזם פון דאס ניי געוואָרן אַנ׳ערלעבעניש. ווידער אַ מאָל, ווי שוין זעהר לאַנג ניט, האבן זיי דערפילט זייער שייכות מיט דער פאַרגאַנגענהייט — מיט דער יודישער פארגאַנגענהייט. און אָנגעווהטיגט זיס, מיט דער גאַנצער התלהבות פון יאוש פידהלן זיי די שותפות׳דיגקייט פון דער געגענוואַרט. זיינען מיר דען נישט איין פאָלק אין אַל די רדיפות, איז דען אונזער אַלעמענס גורל ניט ענג צוזאַמענגעפלאָכטן ?

און ווייל זיי פיהלן אזוי, איז זייער שאַפונג אזוי וויכטיג פאַר דער היינטיגער קונסט און טראָגט אין איר אַריין אַזאַ שטאַרקן פערזענליכן אַקצענט. ווארום קודם כל זוכט אונזער צעריסענער און אויסגעפייניגטער דור — אַן אויסדרוק. ער

שוימט מיט איינגעהאַלטענער ליידנשאפט, פאר זיך און אנדערע ראַנגלט זיך איצט דער יוד.

ער האט אויך ווי די אַנדערע היינטיגע געזעהן דזשיאָטאָ און גרעקאָ און האט מיט ציטערניש דערפיהלט זיין קרובהשאַפט מיט זיי. באַזונדער שטאַרק האט ער דאס געפיהלט בשעת ער האט געהערט אין היימישן קרייז דערציילן פאַרצייטיגע און חסידישע מעשיות פון גוטע יודן. און אַז ער פלעגט זיך אַרומזעהן אין דער אלטער שול — (פאַרהאַן אַלטע שולן פון 18 יאָרהונדערט מיט געדיכט באַמאלטע ווענד און באַלקענס) האט אים באַהערשט דער זעלביגער רוח־הקודש און א זיסע דבקות און בענקשאַפט — די בענקשאַפט צו מאָלן אַזוי ווי אָטדי פאַרצייטיגע וואנדערענדיגע מאלער פון דער וואונדערבאַרער צייט, וואס פלעגן אָנשלאָגן אַמאָל אין דער הייליגער קהלה וואָרמס און מאָרגן — אין דעם פאַרוואָרפענעם שטעטל קאָפּיס, ערגיץ וואו אין רייסען.

האָבן זיי משונהדיגע זאַכן געמאלט: א טייטל בוים, און א אַלטע האַנדעלס־שיף, און דעם לויתן וואָס טראָגט אויף זיך די שטאָלצע שטאָט וואָרמס, אָדער אפשר איז עס גאָר ירושלים, די שטאט פון חלום און בענקשאַפט? נאָכדעם מאָלט ער קונציג פאַרדרעהטע אַראַבעסקן. די פאַנטאַסטישע און רוהיג־צוקוקענדיגע וועלט פון מזרח און די אויפגעברויזט־שטורמדיגע געפיל־וועלט פון מערב האָבן זיך אויף אַ משונהדיגן אופן צונויפגעפלאָכטן אין דער יודישער פאָלקסקונסט. די פאַרבן־פרייד פון מזרח איז אַביסל אָפגעשוואַכט געוואָרן דורך דער באַרירונג מיט דעם פינסטערן באַראָק. די פיינע ליניען־צייכנונג פון דעם געדולדיגן מזרח־מענש איז געוואָרן אַביסל גרעבער און גשמיות׳דיגער אין די הענט פון׳ם יודישן פאָלקסקינסטלער.

שאגאל, ריבאַק און א סך אַנדערע האָבן פון אָטדי פּרימיטיווע מאלערייען אויף די ווענד פון די בתי־מדרשים באַקומען דעם ערשטן שטויס. דאס, וואס זיי האָבן דאָ געזעהן, האט באַשטימט דעם גורל פון זייער שאַפונג און דעם גאַנצן שניט פון זייער קינסטלערישער שטימונג.

אַנטקעגן דער אויסגעצאַצקעטער עלעגאַנץ און דער שטיפערישער גראַציע פון דער פריערדיגער קונסט, וואס האט נאך געזוכט איר שאַפונגס־שכינה אין דעם מלכותדיגן ראָקאָקאָ און אין דער בעל הבתישער ראָמאַנטיק (איז דאָך אין די לעצטע יאָהרן פאר דער מלחמה דער אימפּרעסיאָניזמוס פאַרפלאַכט געוואָרן כמעט צו א מין סאַלאָנקונסט), זיינען די נייע קינסטלער — און די יודישע בתוכם — אויפגעטרעטן אויף אַ מעהר גשמיות׳דיגען אופן. דוקא די אומבאַהאָלפענקייט פון דער פּרימיטיווער מאלעריי און פון דער פאָלקסקונסט האט געווירקט מיט אַ איבערצייגנדיגער קראַפט אַקעגן דעם איבערגעשפיצטן זשעסט פון די מפונקים און נאָכמאָלער.

אין אָטדער האַלטונג האָט געשטעקט אַ גייסט פון מרידה, פון בונט. יונגע סאָציאַלע שיכטן, נייע אומבאַנוצטע כחות האָבן זיך אַ הויב געטאָן קעגן אַ קונסט וואָס איז געשטאַנען אין אַ סכנה צו פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ענגן איינגעשלאָסענעם ספּעציאַליסטן־קרייז, מעשה צעך.

וואס ווילן זיי, די נייע? די יודן צווישן זיי גייען אום און זוכן זייער רוח־הקודש איבער בית־עולמ׳ס, אין דער אַלטער יודישער שטוב, אויף דער יודישער גאַס, אין שול. האָבן דען די קינסטלער פון פריהעריגן דור, גאָטליב און



ישכר־בער ריבאַק. דער אלטער (אקטאבער 1917)




יציאת מצרים. פון אנ׳הגדה פון 14־טען יאהרהונדערט (בריטיש מוזעאום Add. 14761).

הירשענבערג און פיליכאָווסקי, זיך אַנדערש נוהג געווען? די היינטיגע זאָגן אין זייער פאַרשטענדליכן שטאָלץ, אַז זיי האָבן דעם פריהערדיגן דור גאָר נישט צו פאַרדאַנקען, ווייל זיי זיינען גאָר ניט אויסן דאס עטנאָגראַפישע און דאס אַנעקדאָטישע. נישט דעם שבת אין דער יודישער שטוב ווילן זיי מאָלן, נאָר טאַקע זייער אייגענע נשמה יתרה.

האָבן זיי טאַקע באמת גאָרנישט ניט צו פאַרדאַנקען דעם עלטערן דור? איז דען ניט שטענדיג אַזוי, אַז פאַר יעדעם פאַרסטיליזאַטאָרישן פעריאָד, וואָס וועגט און קלייבט, געהט פאר־אויס אַ פעריאָד פון רעגיסטרירן? מ׳דאַרף נור אַקוק טאָן ווי אַזוי ס׳האט זיך אָנגעהויבן די מאָדערנע קונסט־אנטוויקלונג ביי די יונגערע קולטורפעלקער, ווי למשל ביי די רוסן, ביי די ליטויער, ביי די פינלענדער. אומעטום האט זיך דאס זעלבשטענדיגע שאַפן אָנגעהויבן דערמיט, וואס פריהער האט מען מיט גרויס ליבשאַפט און כוונה געזאַמלט אַלע עטנאָגראַפישע איבערבלייבענישן און ירושות. און אַזוי ווי מיר זיינען בטבע סענטימענטאַלער ווי אַנדערע פעלקער, האָבן מיר ארויסגעבראַכט אויסגעאיידעלטע מנהגים־מאלעריי און נישט קיין מגושם׳דיגן רעאַליזם, ווי אַשטייגער דער פראַנצויז קורבע; טענה׳ן די יונגע צו די עלטערע: למאי זיינען זיי טאַקע נישט געווען קיין פארברענטע רעאַליסטן. די יונגע וואָלטן איצט געהאַט אַ גרינגערע מערכה, און וואָלטן קענען קעמפפען מיט מער ליידנשאַפט, ווייל דער מרחק צווישען זיי וואָלט געווען אַ גרעסערער.

אבער דער מרחק איז אזוי אויך גענוג גרויס. אָט קומט איצט ריבאַק און מאלט א אַלטן יודן (זייט 5). אַ סך מאָל, גאָר אָן אַ צאָל, אין פאַרשידענע נוסחאות איז ער געמאָלט געוואָרן, דער אַלטער יוד. מיר קענען זיי אַלע, און האָבן זיי אַמאָל יונגערהייט ליב געהאַט. ריבאַקס יוד איז אַנ׳אַנדערער. ער באַשטייט ניט צוליעב דעם צוזעהער, און זוכט ביי אים ניט קיין סימפאַטיע. ער שטייט דאָ, אַ געשטאַלט, ווי פון אייזן געגאָסן, אייביג דערהויבן, צאָרניג, אַ גורל, אַ גאַנצע וועלט. זיינע קליידער זיינען אָפגעטראָגן, זיין סביבה קליינשטעטלדיג. ווי אָט דער זייגער וואס זעהט זיך פון דער ווייטנס. ווער האט דען ניט געזעהן פונקט אַזא זייגער אין קיך אדער אין פאָדערהויז פון אַ יודישער שטוב אין אַ קליין־שטעטל? אָט דער מענש

אויף דער לייווענט איז אונז ניט סימפאַטיש און ניט אומסימפאַטיש. ער איז פשוט דאָ, און מיר פיהלן אַז דאָ איז פאַר אונז אַ יש, וואס בלייבט באַשטיין. ריבאַק האט דערגרייכט דעם דאָזיגן אויסדרוק דורך זיין ברייטער קוביסטישער טעכניק, דורכדעם וואס ער מאַכט דעם מענשן גרעסער ווי ער איז אים לעבן. זיין געשטאַלט וואס ווערט צעטיילט אויף ריזנגרויסע בוישטיינער רופט ביי אונז אַרויס דעם רושם פון יענער פאַרטראַכטער אייביגקייט וואס רוהט און די שטיינערנע אַרכיטעקטורן. די רחבות פון זיין סטיליזירטער קוביסטישער טעכניק האט אים אויך געגעבן די מעגליכקייט אַוועקצולאָזן אַלץ וואס איז אַ טפל און צופעליג.

אין אַ פלאַסטישער עשירות שפיגלט זיך די הילצערנע אַלטע שול אין דובראָוונע (זייט 17). אזוי האט זי לכל הפחות ריבאַק געזעהן. ניט די אונטערטעניגקייט און די צעבראָכענקייט פונ׳ם אַלטן בנין האט ריבאַק באַמערקט, נאָר דוקא די עקשנותדיגע גאוה און דעם ווילן צום לעבן וואס ער אַליין פיהלט אין זיך. דער גאַנג פון די ליניעס און די פאַרטיילונג פונ׳ם ליכט ווערן אונטערגעוואָרפן אונטער דעם ליידנשאַפטליכן רצון פונ׳ם קינסטלער, און אזוי איז אַרויסגעשפרונגען אין אַ אומגעהייערער פראַכט די הויכע שול פון שקלאוו וואס פלאַקערט אינ׳ם פייער פון דער אונטערגייענדיגער זון (זייט 4), אָטדי שול וואָס איז אַ גאַנץ יאָר אַ פשוטער בנין אינ׳ם סטיל פונ׳ם דאָרפישן באַראָק.

מ׳רופט די היינטיגע קינסטלער עקספרעסיאָניסטן. זיי ווילן נישט ווי מאָנע, פיסאַראָ, ליבערמאַן, — וועמען מען איז נוהג צו רופען אימפרעסיאָניסטן, — צו פאַראייביגן דעם צופעליגן רושם וואס אַ זאַך מאַכט אויף זיי אין אַ באַשטימטן מאָמענט. זיי זוכן דאס אינווייניגסטע געזיכט, די נשמה פון דער זאַך. מ׳רופט די מאָדערנע קינסטלער אויך עקסטאַטיקער, ווייל ס׳איז פאַר זיי נויטיג זיך אַריינצולאָזן אין אַ געגענשטאַנד בלב ונפש און לגמרי בטל צו ווערן אין אים כדי תופס צו זיין דעם תוך פון דעם געגענשטאַנד, אָדער איז עס אפשר גאָר דער תוך פון קינסטלער גופא? צו אָטדער פעהיגקייט פון עקסטאַז, וואס מיר געפינען אין מיטלאַלטער און שפעטער אין דער קאָנטער־רעפאָרמאַציע, האָבן איצט ניט איינער זוכה געווען אַ דאַנק דער מלחמה און די איבערקערענישן פון די לעצטע יאָהרן. פאַראַן וואס האָפן אַז פון דעם נייען רוח־הקודש וועט אַרויסוואַקסן אַ רעליגיעזע קונסט, וועט אויפלעבן דער רעליגיעזער פאַטאָס אין דער קונסט. ווידער אַמאָל איז דער מענש מיט זיינע אינווייניגסטע מלחמות דערהויבן געוואָרן צו אַנ׳אָביעקט פון קונסט, נאָך דעם ווי די אימפרעסיאָניסטן האָבן אים אַראָפגעזעצט צו דער מדרגה פון בלויזן שטיל־לעבן. ווידער אַ מאָל ווערט דער האָריזאָנט פונ׳ם קינסטלער פול מיט געשטאַלטן פון דעם מיטאָס, פון דער פאָלק־לעגענדע און הייליגע ספורי מעשיות.

די אַפאָקאַליפטישע שטימונג פונ׳ם וועלט־חורבן, דער הייליגער דיבוק פון די נביאים — אָטדאָס זיינען די הויפטמאָטיוון פון דער מאָדערנער קונסטשאַפונג. מיר שטעהען אונטער דעם צייכן פון דאַנטע, פון רעמבראַנדט, פון משה.

רחל ווישניצער־בערנשטיין



מתן תורה. פון דער סאַראַיעווער הגדה פון 13־יאהרהונדערט (ארויסגעגעבן פון דוד קויפמאן, 1898).




אז מען וויל שילדערן די עמפפינדליכקייט פון אַ קאלאריסט, זוכט מען זיך אויס זעהר איידעלע זאכן. און זוכענדיג דאס איידעלסטע, פאלט אריין דער צוהערער אין דער סכנה צו פארבייטן די אורזאכע מיט דער ווירקונג, און ער הויבט אן אויסמאלן זיך סעזאַנ׳ען אין אַ ווייבערישער מלוכה. דענסטמאל דערמאנט מען זיך ערשט, אז אייגנטליך איז סעזאַן גאר נישט אזוי צארט; פארקערט, אז ער איז גאָר גראָב, אזוי גראָב ווי רעמבראנדט; אייגנטליך א קאלטבלוטיגער דענקער, אַ שטרענגער אויפבויער, א ברוטאלער, דער מאנסבילסטער קינסטלער, וואס פראנקרייך פארמאגט.

די ערשטע פיזיאנאמיע־בילדער זיינען שווארצע פלעקן. די פיזיאנאמיע אליין א פארקרימעניש. זיי הויבען זיך אן אין יאר 1863, בשעת סעזאן איז אלט געווען 24 יאר. אנגעהויבן האט ער אייגנטליך נאך פריהער, שוין אין יאַר 1858, בעת ער האט זיך גענומען לויט׳ן פאטערס פארלאנג, אהן ווילן און אהן ווידערשפרוך, צו שטודירן יוריספרודענץ אין עקס (Aix). דענסטמאל נאך אלס אויטאדידאקט מיט קליינע נאָכאַמונגען.

דער פאטער, א רייכער באנקיר, האט זיך געלאזט איבעררייד פון דער מוטער, וועלכע האט, ווי יעדע מוטער, שטארק געגלויבט אין דעם טאלענט פון איר קינד, און ער האט ערלויבט דעם זון אריבערצופארן אין יאר 1861 אויף קאניקולצייט קיין פאריז. איבער א יאר אבער, אז דער זון איז געווען אזוי לייכטזיניג צו בלייבן די קאניקולצייט אין עקס, האט דער פאטער פון דאסניי און דאסמאל נאך ענערגישער געפרובט אים איינצושפאנען אינ׳ם באַנק־געשעפט. סעזאַן


סעזאַן. פון דער בערנהיים־זאמלונג אין פאריז.

די שניטערס (ארום 1830).
מיט ערלויבעניש פון פארלאג ר. פיפער אין מינכען.



ס ע ז א ן. מעדעא. אקווארעל, נאכגעמאלט דעם בילד פון דעלאקרואַ אין מוזעאום פון ליל (פראנקרייך).
פון דער זאמלונג Durieux-Cassirer אין בערלין. מיט ערלויבעניש פון דער מאַרע-געזעלשאפט.

האט ווי שטענדיג געפאלגט. אבער עס שטעלט זיך באלד
ארויס, אז ער טויג ניט צום עסק. אינ׳ם יאר 1863 ווערט ער
סוף כל סוף מאלער און ארבייט אין דער „שווייצער" אקאדעמיע
אין פאריז, נעבן פיסאַראָ און גילאָמען. דענסטמאל הויבט ער
אָן זיינע אזויגערופענע שטודיענקעפּ. מיט קולאק־דיקע פּאַ־
סען, אין דער ברייט און אין דער לענג ווערן אויסגעקלעפּט
פּנימ׳ער. געשטאלטן פון מורא׳דיגער פראסטקייט. און לעבן
דעם, כמעט אין דער זעלביגער צייט, אדער אביסעל שפּעטער,
שאפט ער זיינע אזוי גערופענע קאמפאזיציעס. זאָלאַ, א נאָ־
ענטער פריינד און שול־חבר זיינער פון עקס, וועלכער האט
פארפאלגט זיין שאפנסוועג צוערשט מיט באגייסטערונג און
שפּעטער מיט אונרוהע און חשד, האט פארמאגט עטליכע
קאמפאזיציעס, אויף וועלכע ער איז גאר נישט געוועזן שטאלץ.
צווישן זיי אויך די קאמפאזיציע „פארפירונג": אין א קולי־
סנארטיגער, ראמאנטישער לאנדשאפט, פּאָרענט, שטעהט א
נאקעטער חברה־מאן מיט א נאקעטער פרויענצימער אויף די
הענד, דער מאנסביל מיט מגושמ׳דיגע מוסקול־טיילן. די פרוי
שוואוים־ווייס, א בינטל הענד און פיס. הינטער זיי א פאר
קלענערע נאקעטע באשעפענישן, צעברעקעלטע פלייש־חלקים.
לגמרי ניט ענליך צו דער יוגענד פון דענסטמאל. קיין שפור
ניט פון נאטוראליזם. גיכער דער היפך דערפון.

קיין אײנציגער פונ׳ם דאזיגן דור האט אזוי ניט אנגע־
הויבן, אזוי אונטאלענטירט און אזוי ברוטאל. ער איז נתפעל
געווארן פון רובענס און דעלאקרואַ. באטראכטנדיג די עדות
פון דער דאזיגער באוואונדערונג שטעלן זיך די האר קאפויר.

ער מאכט דעם רושם פון א קינסטלער, וואס האט אנגע־
הויבן ניט אין די 60<u>ער</u> יארן, און אפילו ניט אין די 90<u>ער</u>,
נור ערשט היינט. ערשט היינט טרעפט מען אזעלכע מתחילים.
אבער אויך היינט איז זעלטן צו געפינען א יונגן אנהויבער
וועלכער זאל זיך אזוי ווייניג רעכענען מיט די טענדענצן
אדער שלאגווערטער פון זיין דור, ווי דער יונגער סעזאן.

א פאר יאָר נאכאנאנד ציהען זיך אזוי די קאפ־פלעקן
און צוקרימטע מאטיוון, כלערליי טענדענצן לויפן איינער
נעבן דעם אנדערן און מען קומט ניט צו קיין האנדשריפט.

די פונאנדערגעשמירטע קעפּ הערן אויף. אבער די שוואר־
צע באַראָק־מאטיוון געהן ווייטער און צעפלייצן זיך. דער
באַראָק איז שוין נישט מעהר צעברעקעלט, ער ציהט זיך אויס
אין ווילדע קורוון, אויפגעבלאָזענע, צעשפּרייטע, באפליגל־
טע און אינ׳ם פליה ווינקלדיג־צוריסענע, ווי א חלום פון
עפּעס א געפּענטעטן וויזיאנער, געפּענטעט, אבער ערגיץ ווי
מוזיקאליש. עס איז שוין פאראן דארין עטוואס, וואס האט א
קלאנג. די פארב ציהט זיך אויס, פארלירט דאס צעבלאזענ־
קייט, טיילט אויס די טונקעלקייט, ווי א לייכטנדע שווארצ־
קייט, אנטקעגן אלע אנדערע טיפע קלאנגען, נעמט זיך צונויף
אין שטארקע קאנטראסטן אינווייניג אין א ענגער אבער א
מערקווירדיג־טיפער קלאנגען־וועלט. מען איז מודה, אז די
פארבן ווירקן אפילו דענסטמאל, ווען דער פשט פונ׳ם
מאטיוו בלייבט ניט פארשטענדליך. דאס אויג זויגט זיך אן
מיט ברייטע פלעכן פול מיט גרינקייט, טיפער גרינקייט, דונ־
קעלער ווי סמאראגד, מיט באַנאַנען־געלקייט, מיט דער קאל־
טער בלויקייט, מיט דער פעטער גליטשיגער ווייסקייט. דאס
אויג זאפּט עס איין נאך פריהער ווי דער שכל. ווען מען
וואלט קענען אויסלאזן דאס פארביגע! אבער מען קען עס
ניט אויסלאזן. עס בלייבט ניט קיין סך, ווען מען זאל עס
אויסלאזן. אבער ס׳וואלט אויך געווען אוממעגליך, א שטייגער,
די פארבן אנדערש צו ארדנען. מען קען זיך זיי בשום אופן
ניט פאָרשטעלן אין א אנדערן סדר. מען קען ניט אפשיידן די
הארמאניע פונ׳ם בילד, די פארביגקייט ווערט ניט באשאפן
נור פון די פארבן אליין. דער אינסטינקט שטויסט זיך שוין
אָן אז דא איז די פונאנדערטיילונג פונ׳ם שטאף אויך זעהר
וויכטיג און אפשר נאך וויכטיגער, אט גראד די צונויפמישונג
פון העלקייט מיט טונקעלקייט, פון דער גלייכער ליניע מיט
דער געבויגטער.

זאל דא נור אין צוויי ווערטער אנגעוויזן ווערן אויף דער
וויכטיגסטער מניעה צו־איינפאך אויפצופאסן סעזאַנ׳ס סטיל,
און אויף דער וויכטיגסטער אייגנשאפט פון זיין ארנאמענט
אין אלע צייטן: די רוימליכע גרויסקייט פון זיין באַראָק.
די טיפקייט פון יעדן בילד איז סותר אלע צו גיך־געמאכטע
מיינונגען וועגן אים. מיר זיינען ביי׳ם ארנאמענט געוואוינט
שטענדיג האבן צו טאָן נור מיט איין דימענזיאן, מיט דעם
שטח. סעזאַנ׳ס זאכן, ווי פלעקיג זיי זאלן ניט זיין, גייען
סודות׳דיג צוריק, און פארנעמען אויף עפּעס א מאָדנעם אופן
א גאנצן רוים; אטדעם רוים, אויף וועמען עס מוזן נאך היינט
מוותר זיין ניט נאר די קונסט־בעלי־מלאכות פון אונזער צייט,
נאר אין א הויכן מאס אפילו די מייסטער פון אונזער מאלע־
ריי, וועלכע פארמאגן אוצרות פון חיות אין זיך. ניט דער טונ־
קעלער ארנאמענט רייצט און שרעקט ביי סעזאנען. מיט אים
וואלט מען גיך קענען ווערן פארטיג. אבער לעבנסרייכע
כוואליעס פונ׳ם שטאף, געפּענטעטע, ווידערשפּעניגע, צונויפ־
געפּרעסטע — זיי זיינען עס וואס שמידן אונז צו צו זיך. די
שפּע ריהרט זיך. ס׳איז א לאנגזאמער טעמפּ, די אפקירצונגען
פונ׳ם ריטם זיינען אונגעוועהנליכע. ערגיץ וואו פון בילד
קוקט אויף דיר א לעבן, וואס דו האסט שוין לאנג געזעהן
אדער אויסגעחלומ׳ט. מען פילט נור ניט, וואו דאס הויבט זיך
אָן. די פלעקן זיינען ניט קיין געוועהנליכער האלטפּונקט פאר
דער נאטור. אודאי איז עס ניט קיין נאטור אויף אנצוטאפּן,
ניט קיין נאטור פאר די שפּיצן פון אונזערע פינגער. אפשר
פאר שפּיצן פון אנדערע ארגאנען, וועלכע שלאפן, בשעת די
פינגער וואכן, און וועלכע קענען גאנץ אנדערש תופס זיין.
ווארום אין די בילדער פון אנדערע איז אזא לעבן גאר ניטא.

אַפּנים, אז פאר אטדעם מענשן עגזעסטירט די נאטור
ניט צוליב דעם, כדי ער זי זאל קענען נאכאמאל איבערגעבן,
איבערטראגענדיג איר שטאף אין אנדערע כלים; און די
קונסט איז פאר אים, אפּנים, ווערט פיל ניט דערפאר ווייל זי
פארמאגט מאלערישע עקוויוואלענטן פאר פלייש און פאר
האָר. דאס אלץ ליגט הינטער אים. ער איז אויסן אריבערצו־
טראגן זיך אליין, בשעת ער זעהט עטוואס, וואס סע באוועגט
אים: זיין אייגענע באוועגונג.

זינט מיר קענען גרעקא איז אונז סעזאַן געווארן נעהענ־
טער און פארשטענדליכער.

גרעקאס וועג נעמט זיך פון דער פארשטעלונג, אז אין
דער נאטור דארף געזוכט ווערן נאר א שטיץ־פּונקט פאר
דער דערהויבונג פון דער וויזיאן, אבער ניט פאר דער וואר־
שיינליכקייט. ער איז א זעהער, מיט א אייגענעם אויג, וואס



סעזאן. אלעע אין דער פראָוואַנס (1885)

מיט ערל. יבעניש פון פארלאג ר. פיפער, מינכען.

ווייס נישט פון קיין שום דואליזם צווישען ערדישער און הימלשער ליבע.

דאס התפשטות הגשמיות פונ׳ם מיסטיקער שלאגט ארויס פונ׳ם פארב בליהענדינע תאוות. ער מאכט געשטאלטן און שאפט א בילדהאפטן טיפ פון דער מענשהייט. די געשטאלטן ווערן דאקומענטן פון א באזונדערן מין ביי א באזונדערן פאלק. אפבילדונגען אין וועלכע מען מיינט צו דערקענען די גייסטיגע אַרט פונ׳ם שפאניער אין דער איבערגאנגסצייט. און אטדי אפבילדונגען זיינען צוזאמען דערמיט ריינע מאלעריי. זיין מאלעריי דערגרייכט די העכסטע מדרגה דענסטמאל, ווען דער אביעקט איז פולשטענדיג איבערגעגעבן. גרעקא איז עובר אויף דער סקארבאווער סימעטריע, איז זי סוף כל סוף אינגאנצן מבטל און אין דער נייער קאמפאזיציע דאכט זיך, אז אלע פאקטארן פון דער סטאטיק האט ער אויסגעביטן אויף עלעמענטן פון א נייער דינאמיק. ביי גרעקא איז דער שטח ניט קיין רעזאנאנץ פאר א באשטימטן אקט, נאר א אקט פאר זיך, א כלי פאר א אייגענעם לעבן, וואס ריזלט אין זיינע באהעלטענישן. ס׳דאכט זיך יעדן פון אונז, אז זיין פייזאַזש — א געזעמעל פון קוסט, בוים, גראז, גרינס און הימל — האט ער שוין אמאל דורכגעלעבט, הגם ער האט אים קיינמאל אין די אויגן ניט געזעהן.

סעזאַן איז ווי אנגעמאסטן פאר גרעקא. זייער פארהעלטעניש איז א אויסטערליש צונויפטרעפן זיך פון שאפנדע כחות, וואס ווערט ניט פארטונקעלט פון קיין שום אונטערשיד פון צייט, ראסע און לאנד.

תיכף ווי גרעקא איז ארויס פון די לעהריארן האט ער פאר זיך נאר איין ציל: דאס היים וואס ער האט פארלארן אין קרעטא פון ס׳ניי צו געפינען אין דער קונסט. גרעקא, א געצנדינער, וואס גרינדעט א אורקריסטנטום, דערהערט גאט׳ס קול אין זיך אליין. זיין אפיקורסות, וואס איז אומגלויבליך פאר א קינסטלער פון 16 יארהונדערט און דערצו נאך פאר א מאמין פונ׳ם קלויסטער אין די צייטן פון דער שפאנישער אינקוויזיציע, אנ׳אפיקורסות, וואס קען אויפגענומען ווערן נאר פון א גאנץ באזונדערן גורל, וואס קאן אויסגעפילט ווערן נאר נאך א שווערן אינווייניגסטן געוויסן־קאמף, און קען געדולדעט ווערן נור אינ׳ם שאטן פון רעליגיעזער נזירות — דאס איז דער נאטירליכער נדן, וואס סעזאן האט באקומען מיט־זיך אין וועג אריין. לכתחילה הויבט סעזאן אן



סעזאן. שטיללעבן. אקוואַרעל, פון דער זאמלונג פון ד״ר האַהנלאָזער אין ווינטערטהור (שווייץ). מיט ערלויבעניש פון דער מארע-געזעלשאפט אין בערלין.




העלענא פּיליקאָ (לאָנדאָן)

מיט א רייסנדיגר דיסאנאנס, וואס רייפער אבער ער ווערט, אלץ מילדער ווערט זי. דאס שטייגן ביי איינעם, דאס זינקען ביים אנדערען — דאס זיינען אלץ אויסדריקן פון איין און דער זעלביגער כוונה: צו פארפעסטיגן און צו הייליגן דאס אויסגע׳חלומ׳טע היים.

פון גרעקא ביז היינט האט די מאלעריי דורכגעמאכט אסך מדרגות, די פערזענליכקייט האט איבעגעלעבט אסך פרייקייטן. דאס וואס ס׳איז געווען אין גרעקאס צייטן א העזה׳דיגער אויפטו, איז שוין היינט פאר׳ן קינסטלער א געבאט פון דער נויט און פון דעסטוועגן איז נאך אלץ די דאזיגע פארקוקטקייט אויף דער באהאלטענער היים אזוי זעלטן, אז סעזאן גילט פאר אונז ווידער אמאל ווי אנ׳אפיקורס, זיין שאפונג ווירקט ווידער ווי א אנאמאליע, און מ׳מוז ערשט זוכן העט ווייט צוריק, ביז צו יענעם גריך, וועלכער האט פאר דרייהונדערט יארן געשאפן אין טאלעדא, כדי צו געפינען א אנהאלטספונקט פאר זיין ערקלערונג. און דער מהלך צווישן אים און זיין דור איז אזוי גרויס אז אין פארגלייך מיט דעם זעהט אויס זיין קרובה׳שאפט מיט גרעקא צו זיין מורא׳דיג נאהענט און מ׳הויבט אזש אן גלויבן, אז ער האט געמאלט אזוי ווי אטדער גריך, און אז אט דיביידע זיינען ערגיץ ווי און ערגיץ וואו געווען צוזאמען. אויב ס׳איז פאראן א חלוק צווישען זיי, איז דאס דער חלוק וואס איז בכלל פאראן צווישען דער גייסטיגער וועלט פון א קלויסטערמאלער פון פיליפ דעם צווייטן, און צווישן א שול־חבר פון זאָלאַ, אבער ניט קיין חלוק פון טעמפעראמענטן. צו אטדער מיסטישער קרובה׳שאפט געהערט אויך דער ספק, צי האט אמאל סעזאן געזעהן די בילדער פון זיין פאָרגיינגער מיט אייגענע אויגן.

די צייט פונ׳ם טונקלען באַראָק דויערט ביי סעזאַן בערך פון 1868 ביז 1872. די יארען 1873 און 1874 פארברענגט סעזאַן אין אַ שטעטל ביי פאַריז און טרעפט דארט פון ס׳נייפיסארא און גילאָמען, נאך פריהער האט ער אין פאריז געטראפן רענואר און דערנאך מאַנע. פון זיי לערנט ער די ערשטע נצחונות פונ׳ם אימפּרעסיאָניזם. אטדאס שטיקל צייט איז די איינציגע, ווען סעזאַן איז מיט אנדערע אין איין שול. שוין אין נאהענטסטן זומער איז ער שוין פון דער דאזיגער צייט ארויס, מיטנעמענדיג פון איר דאס, וואס זי קען געבן: די פּראַקטיק פון „אונטערן פרייען הימעל״. די האנד קאָן שוין אנשרייבן אלץ וואס דאס אויג זעהט.

באלד נאכדעם צעוואקסט זיך די שאפונג סעזאנס אויף א סך געביטן און נעמט אריין כלערליי מאטיוון, פּאָרטרעטן און געשטאלטן, פּייזאַזשען און פּייזאַזש־רומעל, דאס רייכסטע שטיל־לעבן. אין פארגלייך מיט די פריהעריגע צייטן איז פאר אט דער תקופה כאַראַקטעריסטיש נור איר דעקאָראטיווע ווערדע. די דעקאָראַטיווקייט — זי איז עס איז, וואס באשטימט דאס פארהעלטעניש און די כלים פונ׳ם שטאף, ארדענט דעם טאנץ פון די פארביגע פלעקן, און קלייבט זיך אויס די פלענער אין דעם ווייטן פּראָוואַנסער פּייזאַזש. כדי פונאנדערצוגלידערן ארכיטעקטאניש דעם שטאף, ווערט דער מאָטיוו געשטעלט אין מיטל־פונקט, און דערמיט דערווייטערט זיך סעזאַן לגמרי פון דער נייער פּייזאַזש־שול און דערנעהענטערט זיך צו דער אלטער טראדיציע. זעהר אפט ווערט דאס פאָדערשטע בילד באגרענצט מיט צוויי בוימער, רעכטס און לינקס, לעבן דעם ראם. עס באוועגט זיך א גרופּע, דערנאך קומט, אביסל קווער געלעגן, דער צווייטער פּלאן. אפט פלעכטן זיך צונויף די צווייגן פון די בוימער, וואס שטייען ביים ראַם, אזוי ווי אין א בלעטער־דאך און באגרעניצן אויך די הויכקייט. קליינע קוים בעמערקבארע בערגעלאך און טאָלעכלאך, קליינע ארכיטעקטאנישע דעטיילס זיינען מרמז אויף

די פלענער. הינטען, גאנץ ווייט, לויפט אין דער לענג פונ׳ם בערגל דער בויגן פון א אלטער וואסערלייטונג אדער דער קלויסטער, וואס קוקט ארויס פון קיילעכיגן בארג. דאס איז א שטראלנדיגער, פינקלדיגער פראוואנסאלישער פייזאַזש, גרויסארטיג אין זיין צניעות׳דיגער גדלות.

אט די צייט פון סעזאַנס שאפונג פארמאגט אלץ: אויסדערוויילטע ליידנשאפט, פיינעם גייסט און געשמאק, עכטע נאטור, שפיל, ערנסטקייט און טאנץ. נאר איין זאך פעהלט: דער אימפרעסיאָניזם. סיידן מ׳זאל אנרופן אימפרעסיאניזם אט יענע פלעקן־טעאָריע וואס באנוצט שיינע פארבן. קיין סימן ניט פון אנאליטישער באטראכטונג, וואס מאכט דאס אויג צום אביעקט. איז סעזאן א היינטמאדישער? מיט דעם זעלביגן רעכט מעגען מיר אים צורעכענען אויך צו די פארצייטיגע מייסטערס. פונ׳ם אימפרעסיאניזם האט ער אריבער גענומען נאר איינס. די רעמבראנדטשע גבורה פונ׳ם בילד, דאס פינקעלדיג שטיל־לעבן, די מאָנומענטאַלע פייזאַזשן, האבן ניט קוקענדיג אויף זייער גאנצער עשירות פאָרט ניט געהאט דאס, אויף וואס דער פראנצויז קען בשום אופן ניט מוותר זיין: דעם ניואַנס. דאס האט ער געפונען אינ׳ם אימפרעסיאָניזם, זיין מאלער־ברעט ווערט העלער. אנשטאט דער קראפטפולער פארב פארנעמען איצט דעם אויבענאן די אפשטופונגען, וואס שטאמען ארויס פון די פארבן. עס הויבט זיך אן די קאמערמוזיק פונ׳ם מייסטער, זיין טאָן־קונסט.

ס׳זיינען פאראן פילפארביגע בלומען און איינטאָניגע בלומען. די פילפארביגע בלומען זיינען אבער אליין צונויפגעזעצט פון אסך קאנטראַסטן, אדער זיי רופן ארויס אַ שטארקן קאנטראסט צו יעדער אומגעבונג. זיי באהערשן אונז גרינג און פארנארן אונזער בליק שוין פון דערווייטן. אזוי זיינען ליליען, טולפן, מאָן, אלערליי פעלד־ און גאָרטן־בלימלעך. דער סוד פון זייער חן באשטייט אין דעם, וואס די שטארקע פארבן ווירקן פון דער ווייטנס. אנדערע בלומען הויבען ערשט אָן צו משפיע זיין אויף אונזער אויג ווען מען נעמט זיי אין האנד אריין. דאס זיינען בלומען פארן צימער. די היינטיגע סעדערייען ציהן אויף גראד אזעלכע מיני בלומען. פאראן היינט א נייע גרינע קאמפאנולע (א גלעקל־בלום). זי פארמאגט נור איין פארב. מעהר נישט ווי גרין. ווי די גרינקייט פון אַ קליינער גרינער יאַשטשערקע. דאס איז זעהר א שטילע פארב. און פונדעסטוועגן וויל מען נישט קיין אנדער גרינקייט נאך דעם אנקוקן. ס׳טוט וועה די אויג קוקנדיג נאכדעם אויף אנדענע מיני גרינס. אזוי ווי א גאנץ פערזענליכע זעלטען־טייערע ווערדע וואָלט אונז פארבונדן מיט דער דאזיגער פארב. אין דעם הארינגן העלזועלע פון דער דאזיגער בלום איז נאך די גרינקייט ניט קיין בולט׳ע. זי ווערט ערשט רייכער און העלער אין די גרינגע כוואלעלעך פון די פוכיגע בלעטלעך, וועלכע זיינען אייגנטליך זעהר ענליך צום האלז פון דער בלום. זי דערהויבט זיך נאכאמאל און באציט זיך מיט א דורכזיכטיג הייטעלע אינ׳ם קלאסיש געצייכנטן אויבערשטן גלעקעלע און דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון דער שטילער פראכט אין זיינע האלבזילבערנע טיפענישן, און גאנץ אינווייניג טיף אין גלעקעלע זיצען גרינינקע פינטעלעך. יעדע גרינקייט איז א מין פאר זיך, וואס איז ניט ענליך צו דער אנדערער, און אלע זיינען זיי אבער פון יענער סאָרט גרינקייט פון דער יאשטשערקע. אט די רייכקייט פון ווירקונגען אין איין אייינהייט אליין רופט ביי אונז ארויס אַ באגריף פון אזא עשירות, אז דער חן פון די דעקאָראַטיווע בלומען זעהט אויס לעבן אים ווי שרייענדיג און וואָלוועל און פון גאר א פשוט׳ערן סאָרט. אין דער נאָהענטקייט פון אזעלכע באשעפענישן לאזט זיך די שטים אראב, און ס׳וואלט זיך וועלן עקסטרא אויסטראכטען פאר זיי גאנץ אנדערע בלומענטעפּ און בלומענטישלעך. ס׳וואלט זיך וועלען אריבערטראגן זייער באזונדערקייט אויף אנדערע זאכן און אויף זיך אליין.

אט די אלע מינים פון אויג־הנאה האט סעזאַן אונטערגעהערט, און ער האט נאך מעהר דערגרייכט. ער האט דאס שטילע געמאכט ריידנדיג. אט דער דאזיגער גערטנער האט א גרעסערן וואונדער אויפגעטאן. ער האט זיין איינפארביגע קאמפאנולא אריינגעזעצט אין רעכטן מיטן גארטן און פונדעסטוועגן ציהט זי צו צו זיך דאס אויג פון דערווייטנס. און דאס איז גאר ניט קיין בלום, נאר א שטוב צווישען ביימער, א דארף, א טייך מיט בריקן, א מענשליך געזיכט, געשטאלטן אין א וואלד, פירות, פעלד, ערד, הימל, א גאנצע וועלט.

פונ׳ם טעכנישן פראָבלעם ווילן מיר לכל־הפחות נאר אין אלגעמיינע ווערטער דערמאנען.

סעזאַן מאָדעלירט ניט מיט׳ן צייכנען און באַנוצט ניט קיין ליניעס. ער האלט זיי פאר אויסגעטראכט און זיי פאַסן אים ניט אריין אין זיין ריטם. ער מאָדעלירט נור מיט פארב און טאָן. פארוואס אבער פאָרט בלייבט אנ׳איינדרוק פון אזא רייכקייט אין געשטאלטן? דער שטייגער איז דאך, אז די דאזיגע אָפטאָנונג איז מטשטש דאס בילד: ווי אזוי ראטעוועט זיך סעזאַן פון דער דאזיגער סכנה? דורך די צייכנערישע שטופן צווישען די טענער. דער טונקעלער טאָן פאַלט ניט אריין פלוצלונג אין א העלן, נאר מיט דייטליכע הפסקות, וואס ווערען ריטמיש געארדענט דורכ׳ן פענזל. די שריפט פונ׳ם פענזל מאכט די חלקים. אייגנטליך טוען עס מאָנע און זיינע חבירים אויך. זיי טיילן אויך פונאנדער די פארבן מיט׳ן פענזל, כדי ס׳זאל בולט׳ער ארויסקומען די געשטאלט. ווארום א שטח מיט באוועגונגען ווירקט אסך שטארקער איידער א גלאטער שטח פונ׳ם זעלביגן פארב. דעלאקרוא האט שוין אזוי געמאכט און אין פרינציפ האט וועראָנעז אויך ניט אנדערש געטאן. די פארבן ווערן געטיילט דורך לאנגע, קיילעכיגע אדער שטארקע שטריכן. כדי די קראפט פון דער ליכטיגקייט זאל ארויסקומען שטארקער, קירצן די אימפרעסיאָניסטן אפּ די שטריכן, און כדי דער שטח זאל אויסזעהן רוהיגער, מאכן זיי גלייכמעסיגער די פאַסיקלעך. ביי מאָנע זעהען אויס די דאזיגע שטריכן אזוי ווי די מֶרכא׳ס פונ׳ם טראָפּ, ביי סיסלע זיינען זיי לענגליכע, ביי פיסאַראָ מעהר געפינטלט. אט די גלייכקייט פון די שטריכן גיט צו דער טיילונג א מין נטיה צו דעקאראציע און דער מעכאניזם דערפון ווערט נאך בולט׳ער, ווען מען פאַרגלייכט זיי מיט די אלטע מייסטער, א שטייגער דעלאַקרואַ. ביי דעלאקרוא פארמאגט יעדער שטריך אי פארב אי בילד. און ס׳איז ניטא קיין שום ארט פאר דאס מעכאַנישע. אין די בילדער אבער פון א סוירא, סיניאַק און אנדערע נעאָ־אימפרעסיאָניסטן ווערט דער מעכאַניזם אלץ בולט׳ער.

סעזאַן האט געוואוסט אז אין דעם פּרט זיינען די תּלמידים פון דעלאקרואַ זעהר צווייפלהאפטע יורשים זיינע. האט ער די טיילונגס שיטה באריכערט: די סיסטעמאטיזירונג פון דער האנדשריפט בלייבט, אבער די דאזיגע סטרוקטור באַשטייט פון א סך פארשידנע איינהייטן. מע דערקענט תּיכּף א גאנצן שנור פון פינטעלעך, שטרייפעלעך און פאַסקעלעך. יעדעס בילד איז אויף אנ׳אנדער אופן געשנירעלט און אין יעדן ענדערן זיך זיינע חלקים. די געבויגענע שטריכעלעך, פון דעלאקרואַ׳ס שטייגער, בייטן זיך מיט קליינע און קלענערע און געפאסקעוועטע שטחים. אט די שנירעלעך ציהען זיך אזוי ווי איבער דעם גאנצען בילד און האלטן עס צוזאמען, אבער אין דעראמת׳ן זיינען זיי נור א דורכזיכטיג נעץ איבער אנדערע, ניט וועניגער דורכזיכטיגע, סטרוקטורן. אפטמאל ווערט דער פּענזעל דין ווי א האָר און באלד צעלויפט ער זיך ווייטער אין אקווארעלארטיגע לוזשעס. דער דרוק פון האנד פאָלגט יעדן איינפאל פונ׳ם אויסדרוק. אומעטום פילט זיך די גדלות פון דעם סיסטעם. דאס סיסטעם גייט פריהער פאר דער נאטור וואס זי שילדערט. און אז מען וויל עס אָנטאַפּן — שטייט פאר אונז א באַרג, א פרוי, א פויער. סעזאַן מאכט קיינמאל ניט אזוי ווי מאַנע, וואס רייסט צו זיך די נאטור שוין מיט די ערשטע פּאָר שטריכן. מדרגות׳וויז שטייגט ביי סעזאַן די געשטאלט, אזוי ווי ביי מאַרע; ניט מעהר, די פאַרבשיכט בלייבט ביי אים שטענדיג דין. לכתחילה, ווען עס הויבט זיך אָן, ווימלט עס אויפ׳ן לייווענט פון כל המינים פארביגע, ריטמישע שטחים. צען פּייזאַזשען אנשטאט איינעם אינ׳ם געטומל. די גרינקייט איז זאַפט נאך איידער זי איז בוים און בלייבט אויך שפּעטער זאַפט. מאַנע האט געוואלט נור איין פּייזאַזש, אָטעם אויסשניט וואס פאר זיינע אויגן. סעזאַן וויל הונדערט פּייזאַזשן אין איינעם.

בלייבן מיר ביי דער פארבשיכט, אזוי שטעלט זיך דאָ ארויס א גערייניגט סיסטעם, לויט׳ן שטייגער פון די אלטע מייסטערס און פון דעלאקרואַ, באריכערט דורך אלע מעגליכקייטן פון דעם אימפּרעסיאָניזם. א באווייז פאר אָטדער טיפער באציהונג צו דעלאקרואַ איז דאס אקווארעל נאך דער מעדעא אין ליל (זייט 9).

דאס אבער איז נור א גראָבער סך־הכּל פון סעזאַנס טיילונג. ווער סע קען גוט קוקן, דערקענט אין בילד איינצעלבילדער פון אזעלכע שטריכעלעך און שטרייפעלעך, וואס פאראיינפאכן אויף א געוויסן ספּעריש אופן די איינצעלהייטן פונ׳ם מאטיוו. וואלט מען קענען ארויסנעמען אָטדי איינצעלנע בילדער (די געשלאסנקייט פון דעם גאנצן בילד וועט עס באמת קיינמאל ניט דערלאזן) וואלט מען זיי דערקענט אלס געאמעטרישע פיגורן, חלקים פון קובן, צילינדער א. ד. ג. מיר קומען צו א אַנאַטאָמיע פון בילד אויף געאָמעטרישע יסודות. „אלץ אין דער נאַטור נעמט אן די פארמען פון א באַל, א קאָנוס אדער א צילינדער" אזוי שרייבט סעזאַן צו עמיל בערנאר.

די געאמעטריע און די אפּטאָנונג, אָט די געצייג מיט וואס סעזאַן מאכט זיין נאטור, זיינען גלייכצייטיג זיינע נויטיגסטע כּלי־זין קעגן דער נאטור. דאס איז א דאפּעלטע זיפּ, דורך וועלכע ער זייט דורך זיינע איבערלעבונגען, ביז זיי באקומען א אלגעמיינע פאָרם.

אָט דער דאָפּעלקלאנג זיינער גיט עס סעזאַנען א אָרט איי דער קונסט פון אונזער דור.

סעזאַן איז געשטאָרבן 1908, 68 יאָר אלט, מיט דעם פּענזעל אין דער האַנד. א חודש פאר זיין טויט האט ער געשריבען איינעם אַ מאלער אז ער האָפט איצט צו מאכן אַ פּאָר שריט ווייטער.

יוליוס מייער־גרעפע





לעוויטאַן.　　　　　　　　　　שטילוואַסער

מיט ערלויבעניש פון פארלאג „רוסישע קונסט“ (בערלין)



ישכר-בער ריבאַק. די אלטע שול (מ.ז. 1917).

# געאָרג בראַנדעס

די שעה, ווען ס׳ווערט געבוירן דאס גרויסע אין קונסט און וויסענשאפט קומט ניט גראד דעמאלט, ווען דער נאציאנאלער מאכט-באגיר וויל דאס. מ׳קאן האלטן דאס קולטורעלע אייגנס העכער פאר די קולטור-ארבייט בא אנדערע פעל-קער, און דאָך נישט באגיין קיין נארישקייטן און זיך ניט לאזן פארפירן פון בלינ-דער גאוה. אבער ניט דער ווילן פונ׳ם יחיד און אפילו ניט די ענערגיע פון א גאנץ פאלק זיינען ניט אימשטאנד אויפצוצווינגען אויף א לאנגער צייט דער וועלטגעשיכטע א ווערטזאך, אדער א קולטוראויסזעהן, אויב הינטער דעם זאל ניט שטיין א ממשות פון מעשים, פון קולטור-פארמעג גופא. דער דאזיגער קולטור-פארמעג רעדט אויך געוויינטליך גאר אויף אַן אנדער שפראך, איידער דער צע-היצטער פראָפּאַגאַנדיסט.

איידער דער דאזיגער פשוטער אמת האט געקראגן א בילדונגסגעשיכטליכן באטייט, האט די מענשהייט געהאט אויסצושטיין א סך נסיונות. דער ערשטער אויספיר איז געווען — א ראדיקאלע ענדערונג אין דעם קולטור-באוואוסטזיין. מ׳האט זיך אויסגעטאן פון דער נאאיוועער שאצונג, וואס שטאמט בלויז פון דעם הסכם באם אייגענעם פאלק, בא זיין צייט. דאס איז א טענדענץ צו דערהויבן זיך איבער די געגעבענע פאקטן, אויסצואַרבייטן מיינונגען און השגות, וואס זאלן גילטן ניט בלויז פאר דעם אייגענעם פאלק, נאר פאר פרעמדע פעלקער אויך, אפילו פאר שפעטערדיגע דורות. אפשר קאן דער דאזיגער צוועק קיינמאל ניט דערלאנגט ווערן, אבער די דאזיגע טענדענץ וועט האבן א גוטע דערציהערישע ווירקונג. זי איז דער יסוד פאר א נייעם בילדונגס-באגריף, וואס זיין קראפט איז נאך ניט אויס-געשעפט, ניט געקוקט אויף די פיל מניעות און קעגענקלעפ, וואס ער האט אויס-צושטיין. קיין קולטור אידייע קען מען זיך שוין ניט פאָרשטעלן זי זאל ניט פרע-טענדירן זיך אויפצוהויבן העכער פאר נאציאָנאַלע און צייט השגות, אפילו נאציאָ-נאַליזם בא מאדערנע פעלקער קאן זיך ניט אפקעהרן פון דער דאזיגער טענדענץ, אויב ער וויל ניט ריזיקירען אנצווווערן יעדע קלארקייט און די מעגליכקייט צו דערגרייכן א העכערע קולטור-מדרגה.

געארג בראנדעס איז ניט דער אויפטוער פון די דאזיגע אידייען אבער ער איז זייער זיכערער וועגווייזער. עדות דארויף זיינען ניט בלויז זיינע שריפטן, נאר זיין גאנץ לעבן אויך. זיין ערשטער גזעלשאפטליכער ארויספאר איז געווען א קאמף-אנזאג קעגן דער בילדונגסטראדיציע אין זיין פאטערלאנד דענעמארק. מיט זיין אפענעם אויפטרעטן פארן „פרייען געדאנק" האט ער געעפנט פאר זיינע לאנדסלייט נייע האריזאנטן. ער האט די סקאנדינאווישע ליטעראטור באקאנט גע-מאכט אין אייראפע, און איז געווארן אן אייגענער אין ענגלאנד, אין פראנקרייך, אין דייטשאנד, אין איטאליע און אין רוסלאנד. אין דענעמארק, זיין געבוירן-ארט, האט בראנדעס געטראפן א שארפע אָפּאָזיציע; ער האט זיך אויך געקויפט א פיינד-שאפט אין אלע לענדער, ווי ער האט זיך מיט זיין גאנצען ברען פון זיין טעמפע-ראמענט ארייגעמישט אין זייערע גייסטיגע קאנפליקטן. זיין קאמף קעגן פאר-עלטערטע אידעאלן האט מען אויסגטייטשט אלס פיינטשאפט פון א יודן קעגן

קריסטנטום און ער האט געמוזט אויסוואנדרן אויף א צייט קיין אויסלאנד. דאס וואס אַ סך פונ׳ם יונגן דור האָבן זיך פון אים אפגעקערט, איז אפשר פאר אים געווען א גרעסערער קלאַפּ איידער די אָפּאָזיציע וואס ער האט געטראפן באַ די אנהייגער פון די אלטע אידעאלן. אבער די וועלטגעשיכטע האט געזארגט דערפאר, אז די אמתע און טיפע אימפולסן פון זיין גייסטיגקייט זאלן אנגענומען ווערן פאר לעבעדיגע און לעבענספירערדיגע. דער נצחון איז סוף כל סוף געקומען: קורץ פאר זיין אכציגיאריגן געבורטסטאג האט די דענישע געזעלשאפט געפייערט פאר א יום־טוב יענעם יובל־טאג, און בראנדעס האט אין קאפנהאגענער אוניווערסיטעט געענדיגט זיין ערשטע לעקציע מיט דעם אפט ציטירטן ווארט וועגן זיין אמונה אין דעם „פרייען געדאנק און אין דער פרייער מענשליכקייט.“ און צום אכציגסטן געבורטסטאג האבן אים פארטרעטער פון דער גארער וועלט באַגריסט אלס דעם גרויסארטיגן גייסטיגן פארמיטלער.

אין זיין ליטערארישער ארבייט איז בראנדעס פון אָנהויב אָן גיווען באמיט ארויסצושטעלן אוניווערסאלע השגות און מאַסשטאַבן אנשטאָט נאציאנאלע. דאס באטייט לחלוטין ניט אז ער האט ניט געהאט קיין אינווייניגסטן חוש פאר מענער און שריפטן, וואס טראגן אויף זיך דעם אינדיווידועלן אויסדרוק פון זייער פאלק און זייער לאנד. אבער בשעת בראנדעס אנאליזירט דענישע דיכטער פון זיין צייט, אדער ער פרובט זיך אריינטאָן אין דער פראבלעמאטיק פון א דייטשן שרייבער, אדער ווען ער ערקלערט דעם מאדערנעם גייסטשטייגער אויפ׳ן יסוד פון א פראנצויזישן ראמאן אדער פון פארשידענע מאדערנע פאליטיקער־טיפּען — איז דער תוך פון זיינע שריפטן שטענדיג די געשיכטע פון אייראפעאישער גייסטיגער אנטוויקלונג. ער האט ניט בלויז געשריבן די דאזיגע געשיכטע, ער פלעגט זיך אַקטיוו מישן אין איר אויך. אין א צייט פון עפּיגאָנען האט ער אנטדעקט יונגע טאלענטן און האט זיי לייכטער געמאכט דעם וועג. אפילו אין שפעטערע יארן האט ער ניט אנגעווארן זיין זעלטענע פעהיגקייט איינצאפּן נייע אידייען; ער האט ניט דורכגעלאזט קיין איין געלעגנהייט גוט באקאנט צו ווערן מיט די נייע גייענג און זיך אין זיי אריינטאָן. אין קאפענהאגענער אוניווערסיטעט האט בראנדעס געהאלטן לעקציעס וועגן ניצשע אין א צייט, ווען מ׳האט דעם דאזיגן פילאזאף שלעכט געקענט אין דייטשלאנד גופא, ווען בלויז געציילטע יחידים האבן אנגעהייבן צו באנעמען אז זיין פילאזאפיע איז דאך עפּעס ווערט. ער האט פרי דערקענט איבסענ׳ס און סטרינדבערג׳ס באטייט, און ער האט באוויזן צו פארשאפן זיך באגריפן וועגן דעם שאַפן אין אלע קולטור־לענדער. אבער זיין גייסט איז ניט געבליבן שטעקן בלויז אין ליטעראטור, זיין שארף ארויסטרעטן אלע מאל ווען ער האט געהאט צו זאגן פאר אדער קעגן דעם „פרייעם געדאנק“ האט שוין אליין גורם געווען, ער זאל ניט בלייבן איינגעשלאסן אין דעם ריין־ליטערארישען תחום.

בראנדעס איז פון דער נאטור געבענטשט מיט א שארפן חוש פאר שטארקע פערזענליכקייטן און ניט בלויז פאר מענשן פון זיין גייסטיגן שניט אדער פאר דעם ריין־קינסטלערישן עלעמענט; ער האט תמיד באלד רעאגירט, ווען ער פלעגט באמערקן „איניציאטיווע“. ער האט אנטדעקט די אנטדעקער, די גייסטער, וואס האבן געפונען זייער אייגענע „אמעריקע“. בראנדעס פלעגט צו יעדעם שרייבער צוגיין מיט דער פראגע: „וואס איז זיין נייע וועלט?“ דאס איז געווען דער מאסשטאב פאר זיין שאַצונג, דער מיטלפונקט פאר זיינע ליטערארישע פּאָרטרעטן.

אזוי איז געארג בראנדעס געווארן איינער פון די אנגעזעהנסטע פארשטעהער פונ׳ם אייראָפּעאישן דיינקן. משך דאס לעצטע יארהונדערט איז כמעט ניט געווען קיין איינער צווישן די מענער, וואס האבן אחוץ זייער ענגען קרייז געהאט א השפעה אויף דער גאנצער אייראָפּעאישער קולטור, וואס געארג בראנדעס זאל ניט האבן געפירט מיט אים גייסטיגע אדער מייסטנס פערזענליכע באקאנטשאפט. זיינע זכרונות דערלאנגען פון איבסן, ביערנסאן, סטרינדבערג, ביז זאלא, בורזשע, מאָפּאסאַן. ער איז באקאנט געווען מיט טען און מיט דזשאן סטוארט מילל, מיט מאָמזען און מיט רענאן׳ען, מיט די אנפירער פונ׳ם דייטשן ליבעראליזם און מיט קלעמאנסא. אין פערזענליכן פארקער מיט אזוי פיל אנגעזעהענע מענער, וואס זייער ווערט האט ער פרי אנטפלעקט און איז זיי אפט איינער אליין בייגעשטאנען אין זייער שווערסטער קאמף־צייט, האבן זיך זיינע פסיכאלאגישע פעהיגקייטן אנטוויקעלט ביז צו דער מדרגה, וואס האט פארשאפט זיינע שריפטן דעם עלעגאנטן און טיילמאל דעם גרויסארטיגן סטיל פון פּאָרטרעט מאָלעריי.

דעם געדאנק, אז עס איז פאראן א מאָדערן גייסטיג לעבן, וואס אונטערשיידט זיך לויט זיין עיקר און זיינע קאנסעקווענצן פון אלע אנדערע עפּאכן, אלצאיינס אדער ענליך אין פארשידענע לענדער, האט בראנדעס צום ערשטן מאל ארויסגעזאגט אין זיין יוגנט־בוך: „די הויפטשטרעמונגען אין דער ליטעראטור דאס 19־טע יארהונדערט“. בראנדעס האט שפעטער דארט אויסגעמעקט אייניגע געדאנקן פעלער אבער דאס דאזיגע בוך בלייבט עד היום כאראקטעריסטיש פאר זיין גייסטיג אייגנס, און פון דער דאזיגער פּאָזיציע איז בראנדעס קיינמאל ניט אפּגעטראטן. זיין קריטיק איבער די אייראפעאישע הויפט־ליטעראטורן איז אנגעזאפּט מיט דעם גייסט פון זעהר א וויכטיגער עפּאכע אין דער סקאנדינאווישער קולטור־אנטוויקלונג — דאס איז דער „דורכבראָך־פּעריאָד“. אונטער דעם ווארט „דורכבראָך“ מיינט מען א באוועגונג וואס האט אין דער דענסטמאל אפּגעשלאסענער סקאנדינאווישער קולטור אריינגעבראכט די רעזולטאטן פון דער מאדערנער וויסנשאפט און וואס האט מיט דער הילף פון נייע פּראבלעמען שטארק צעקלאפּט די אלטע קינסטלערישע טראדיציעס און דעם באגריף פון געזעלשאפט. די דאזיגע באוועגונג איז דורך איבסן, ביערנסאן, פּ. יאקאבסען, געארג בראנדעס און זיין ברודער עדוואַרד געבראכט געווארן אין די לענדער, וואס ליגן ווייטער אין דרום־זייט און האט דערהויפּט שטארק געלאזט מערקן איר השפעה אויף דער דייטשער ליטעראטור יענע צייט ווען דער נאטוראליזם האט געהאלטן אין וואקסן. אין דעם דאזיגן „דורכבראָך“־גייסט שטעקט דער מקור פון געארג בראנדעס׳עס גייסטינער אינדיווידואליטעט. זיין גייסטיג אייגנס איז געגעבן אין זיין קריטיק; אבער זיינע אידעען־אינטערעסן שטעקן ניט בלויז אין דער מאדערנער ליטעראטור און אירע געזעלשאפטליכע הנחות. די בעסטע ארבעטן האט ער געגעבן וועגן צוויי מענער, וואס האבן געהאט דעם גרעסטן באטייט פאר די לעצטע דורות: דעם ענגלישן מלוכה־טוער דיזראַעלי און דעם באגרינדער פון דער דייטשער סאציאַלדעמאקראטיע פערדינאנד לאסאל. די דאזיגע ווערק שטייען העכער פאר זיינע שריפטן וועגן שעקספּיר, גאָטע און צעזאר; שריפטן, וואס האבן געוויס אסך פרטים פון דאס ניי באלייכט און וואס פארנעמען דאריבער אן אנגעזעהן ארט אין דער ליטעראטור, אבער זיי בארירן ניט אסך טיפער־שטעקנדיגע פראגן. פאליטישע ארבעט געבונדן מיט גייסטיגן פארנעם — אט דאס האט געצויגן בראנדעס׳ן צו לאסאל׳ן און דיזראעלי׳ן, דאס איז די פארבינדונג פון דיכטערישן עלעמענט מיט מלוכה־טוערישער נאטור — א זאך, וואס די פאלקס פאנטאזי זוכט אפט באַ אנדערע גרויסע פּאָליטיקער און געפינט ניט. — דער נאפּאלעאנישער שטריך — אט דאס האט בראנדעס ארויסגעפונען און באלייכט מיט קאָנגעניאלן פארשטאנד. ניט אומזיסט האבן די דאזיגע ביידע מענער געשטאמט פון יודן פונקט אזוי ווי בראנדעס גופא; ניט אומזיסט האט דער יודישער עלעמענט אין זייער דורכאויס מאדערנער וועלטבילדונג געהאט א באזונדער שארפע, בולטע פארם. לעבן־לאנג האט זיך בראנדעס געפילט אלס קאסמאפּאליט, אבער לפּחות זיינע קעגנער האבן אים תמיד געגעבן אנצוהערן זיין יודישע אפּשטאמונג. די לעצטע יארן האט ער געקראגן אלץ מער פארשטאנד פאר דאס נאציאנאלע לעבן און פאר די באדערפנישן באַ די יודישע מאסן אין מזרח־אייראפּע.

בעת דעם וועלט קריג האט געארג בראנדעס געהערט צו יענער קליינער אבער פיינער גרופּע יחידים, וואס האבן ניט פארלארן דעם קלארן פארשטאנד אינ׳ם נעפל בלוט און האס. ער האט גערעדט „אויף דער פרייסטער שפּראך אין דענעמארק“. דאס האט אים געקאסט אסך סימפּאטיע און פריינט, אבער ער איז געבליבן טריי צו זיינע אידעאלן, הגם ער האט געוואוסט, נאך פון זיין יוגנט, אז דער שכר פאר אזא ערליכקייט איז א ביטערער, אין מ׳מאכט זיך דורכדעם אומפּאפּולער. אין זיינע יונגע יארן גערודפ׳ט און פארהאַסט, אויף דער עלטער ניט געבראכן און ניט פארצווייפלט, אנגעזעהן אין גאנץ אייראפּע, איז געארג בראנדעס געבליבן שטארק ניט בלויז באַ זיינע מיינונגען, נאר באַ זיין געפיל און באַ זיין גייסטיג אייגנס אויך. אים איז באשערט געווען צו דערלעבן א צייט, אז איבער דער וועלט זאלן פארשפּרייט ווערן די אידייען, וואס ער האט געארבעט, געקעמפט און געליטן פאר זיי.

ד״ר הוגא ביעבער




פראַגמענט פון א געמאלטער כתובה (1727) פון ריווארולו אין איטאליע. געפינט זיך אין דער קונסטזאמלונג פון דער יודישער קהלה אין בערלין.

# אין א וואלד א יאדלאוון

ס׳איז שטיל. שטיל. וואו עס פינטלט רויט
א פאזעמקע׳
וואו עס קלעטערט שטילערהייט
א ווערעמל
אין דעם געפלעכט פון צווייג צו צווייג
די קנאכיגע
אין דעם צונויפגעגנעם פון שטאם אוןווארצלען
מאכיגע
און טיף איז די געדיכטעניש די האריגע
די פעט־ערדיגע ;
עס איז א קווענעניש א מוכאמאריגע
ביי די קארטשעס
די גרינבערדיגע — — —
און וואו עס טוט א שושק
א גרעזל צו א גרעזל׳
א קלינג׳
א פליושק
א דינער קוועלכעלע׳
און וואו עס טוט אַ שפרונג
א בידנער העזל׳
א קער דאס גרויע פעלכעלע
דורך פאפארטניק און קאלטער קראָפּעווע
אויף אלטער פוילעניש׳
און שטיל׳
און קיל
הילכט אָפּ אין וואלד
דאס בלוי־פארהוילעניש.

מ. קולבאק

# דערקענטעניש

שווער, געלעגן אויף דער ערד
און צוגעזעהן — — —
כ׳האב צוגעהערט
די רויע בערג און פליינען פון דאס ניי,
רוהיג דרעמלט די נשמה,
וואס איז שוין אומעטום געוועָן,
נאר ס׳טראכט מיין קערפער סיי ווי סיי,
ווי ס׳טראכט דאס פעלד,
ווי ביי די טייכן טראכטן ווערבעס לאָמע
דעם גאנג פון וועלט.
דו אהינטער אלע טויערן,
וואס כ׳זעה דיך ניט,
דו האסט ארומגעהאנגען פינקלענדיג דיין וואוין
מיט שלייערן,
איך ציה דיין משא מיט
און כ׳שטוין
ביים הילך פון דיינע טריט.


מ. קולבאק



רחל ווישניצער־בערנשטיין.

# ביבלישע דערציילונגען

## עססטעטיש אַנאַליזירט

### I. ווי דוד המלך פאַרנעמט אבשלומ׳ס טויט.

אין וואַלד אפרים, וואס צו מזרח דעם ירדן, האָט יואב דער הויפּטמאַן געשלאָגן דאס אויפגעשטאַנענע מורדים־פאָלק.

אַבשלום איז געבליבן שטעקן אין צווייגגעפלעכט אין אַן אֵלה־בוים; אים האָט יואב אַריינגעשפאַרט דריי פיילן אין האַרצן. צעהן יונגען, יואב׳ס וואָפּנטרעגער, האָבן אים דערשלאָגן ביז לעצט.

אין מחנים דער פעסטשטאָט וואַרט דער קיניג. פעסט איז דער קיניג אין זיינע קריגערס גבורה, אָבער דעם פאטער קלעמט דאס וועגן דעם זון דעם ווידערשפּעניגן: לעבט ער נאָך? די חיל־פירער איז פאַרזאָגט געווען מיטן קיניגס וואָרט: „געהיט זייט מיר מיטן יונג אַבשלום!"

ווער זאָל ברענגען די שוואַרצע בשורה? ווער זאָל זיך אָנלאָדן דעם ביטערן נסיון צו וואונדן דעם קיניגס האַרץ מיט דער פייל בראָך? איינעם אַ אַדל־זון, אחימעץ בן צדוק, דעם קיניגס לויפער, איז נאָך דאָס האַרץ פאַרלאָפן מיט צאָרן, און פאַרטויבט איז ער גאָר פון מלחמה־ליאַרם. ער טרעט פאר יואב׳ן און שפּאַרט אַרויס מיט הייסן נצחון־אָטעם: „לאָז מיך לויפן און אָנזאָגן דעם קיניג, אַז גאָט האָט אים אויפגעריכט פון זיינע פיינטס הענט." זיין בלאָנדזנדיג אויג זעהט ניט דעם שווער געטראָפענעם פאָטער. אָבער יואב דער הויפּטמאַן איז געהיט און באַטראַכט. ער האַלט צוריק דעם צעהיצטן אחימעץ און רופט דעם געמיינעם כּושי, וואָס זיין פנים איז אַזוי שוואַרץ ווי די געשעהענע זאַך. ס׳איז יואב׳ס זאַך. יואב פאַרהוילט ניט פאַרן קיניג, וואס ער האט געטאָן; ער שייט זיך אָבער דאָס פירצובּרענגן דעם קיניג מיט אייגענע רייד, און ער באַפוילט דעם כּושי: „גיי זאָג דעם קיניג, וואָס דו האסט געזעהן!"

דער כּושי בוקט זיך פאר יואב׳ן און לויפט זיין וועג. אבער אחימעץ׳ן קלאפט דאס האַרץ: זאָל דער דאָזיגער שוואַרצער זיין אינמיטן צווישן דעם טויטן פּרינץ און דעם געטראָפענעם קיניג דעם פאטער? אחימעץ׳ן נעמט ניט די פּאָרכט פאַרן קיניגס צאָרן, וואס זאָל טרעפן דעם בשורה ברענגער. ער טרעט פאר יואב׳ן און זאגט: „זאָל געשעהן, וואס ס׳וויל, איך לויף אויך נאָך דעם כּושי".

נאָך אַמאָל פּרובט יואב צוריקצוהאַלטן דעם אַדל־זון מיט אַניכטער וואָרט. אָבער אחימעץ איז שטייף ביי זיינס: "זאָל זיין, וואָס ס׳וויל, איך לויף". יואב טרעט אָפּ פאַרן פעסטן ווילן מיט אַקורץ וואָרט: „לויף!" און אחימעץ לאָזט זיך לויפן איבערן טאָל ירדן, און שוין דעריאָגט ער דעם כּושי און לאָזט ווייט הינטער זיך דעם שוואַרצנס שאָטן.

דעם לייענער נעמט די פיין, אָבער נאָך מעהר קלעמט דאס אים, דעם וויסער, פאַרן קיניג, פאַר דעם שמערצליכן וויסן, וואָס די שלוחים יאָגן מיט זי. צוויי סצענעס, פעסט צונויפגעריקט, בלויז די סצענעס; קיין איין וואָרט ניט דערביי, וואָס זאָל דערקלערן, וואס זאָל שטאַרקן אָדער זאָל לינדערן דעם איינדרוק. אַזוי ווי דאָס שלוחים שיקן איז דאָ ניט צונויפגעפּרעסט בלויז אין הייסן און אין פאָלגן, נאָר וויקלט זיך אָפּ דראַמאַטיש און האַלט דעם לייענער געשפּאַנט, אַזוי שטייגט אויך די אָנגעצויגנקייט ווייטער. אַ נייע סצענע: דער לייענער איז באַם קיניג. דער קיניג זיצט צעקאָכט אין דער פעסטשטאָט מחנים באַם טויער, געוואָרפן צווישן האפענונג און זאָרג. ווייט צילט זיין אויג צום שליח, וואָס זאָל אים ברענגען דעם אָנזאָג. אבער ניט קיין כראָניק הערט איר דאָ וועגן שליח, וועגן אָנזאָג, וועגן יאָמער. צו ניכטער וואָלט דאָס געווען און דאס וואָלט ניט פארמאָגט די קראַפט צו רירן און וועקן דעם לייענער אין 3000 יאָר אַרום. די געשעהענישן פאַרלויפן דאָ סצעניש. נעבן די אויסערע פאַקטן וואַקסט דאָ שטופנווייז דער אינעווייניגסטער געמיט־צושטאַנד: די ציטעריגע האָפנונג און דער שטומער וויי.

אַן אויסקוקער שטייט אין דער הויך אויפן טויער און דערקענט אין דער ווייט אַ מענשן לויפן. ער שרייט דאָס אַראָפּ, און דער קיניג אונטן ביים טויער שפּירט, אַז דא קומט דאס, וואס ער האָט אַזוי לאַנג געוואַרט. איז דאָס האָפענונג? שרעק? דו ווערסט דא אַריינגעצויגן געדיכט אין דער מיט, אַזוי ווי דיין זאַך וואָלט דאָס געווען, און ס׳באַנעמט דיר א שטילע פיין.

דער לויפער איז שוין נאָהנט. דעם ארויסקוקערס אויג דערשפּירט דעם שאטן פון א צווייטן. ער שרייט דאָס אַראָפּ. דער קיניג איז געשפּאַנט פון אַ דאָפּלטער שליחות. און ווידער לאָזט זיך הערן דעם אויסקוקערס שטים: „איך זעה דעם ערשטענס לויפן אזוי ווי אחימעץ בן צדוק לויפט". די האָפנונג שטייגט, אסימן וויל דאָ דער קיניג זעהן: „גוט איז דער מאַן, און צו גוטן איז זיין אָנזאָג". אחימעץ טרעט פאר אים. „שלום" מיט אהויכער שטים און געבוקט זיך פאַרן קיניג טיף צו דער ערד: „געבענשט איז גאָט דיין גאָט; ער האָט דיר איבערגעענטפערט די לייט, וואס האבן אויפגעהויבן די האַנט קעגן מיין האַר דעם קיניג". אָבער דעם קיניגס האַרץ לעכצט צו הערן בלויז פון זיין זון: „צי איז גאַנץ דער יונג אַבשלום?"

אומזיסט דאס פרעגן, אחימעץ פערמיידט דעם יאָ אָדער ניין. „איך האב געזעהן דאס געווימל גרויס, ווען יואב, קיניגס קנעכט, האט אַהער געשיקט דיין קנעכט און האָב ניט געוואוסט, וואס". שפּירט שוין ניט דער קיניג דעם ענטפער אין זיין פנים, אין זיין באַנעמען, אין דער שטים? אָבער דער קיניג וויל מער פון אים ניט וויסן: „קער אָפּ און שטעל זיך



רעמבראנדט. ערמיטאזש (פעטראָגראַד) דוד בעט זיך איבער מיט אבשלומן

אזוי״. ער לעכצט נאָכן צווייטן לויפער. און שוין פאַלט אריין דער כּושי. קיין שלום, קיין פאַרבויג דעם קאָפּ, די קני, קיין לויב פאַר גאָט. „זאָל דער קיניג וויסן, אַז גאָט האָט דיר היינט אויפגעריכט פון דער האַנט פון אַלע, וואס האָבן זיך געשטעלט קעגן דיר״. אַלע? צי האט דעם קיניגס אויער געכאפט, וואס דאָ איז געמיינט? אבער דער קיניג וויל ניט קיין ווינק; וויסן וויל ער, און בלויז וועגן איינס: „צי איז גאנץ דער יונג אַבשלום?״

דער כּושי מיידט ניט אויס דעם ענטפער. דעם קיניגס זויג איז געשמידט צו זיינע ליפּן: טויט אָדער לעבן? און דאַן קומט דער סוף: נישט דער זון, נישט דער פּרינץ; איינער פון אַסך אַזוינע, ווידערשפּעניגער צווישן ווידערשפּעניגע, אַלויב צו גאָט אַנשטאָט אַ אָפּענעם ענטפער:

„זאָלן זיין אַזוי ווי דער יונג אַלע פיינט מיין האַר דעם מלך׳ס און אַלע, וואָס זיינען אויפגעשטאַנען קעגן דיר צו שלעכטס.״

״האט אויפגעציטערט דער קיניג, איז אַרויף אין אויבערשטיבל אין טויער און האָט געוויינט; און אַזוי האט ער געזאָגט גייענדיג: „מין זון אַבשלום, מיין זון, מיין זון אַבשלום! בעסער וואָלט געווען מיין טויט פאַר דיר אַבשלום מיין זון, מיין זון...״

דאָס איז דער גרויסער סטיל פון דער ביבלישער נאָוועלע. אַ גריך וואָלט דאס אַנדערש דערציילט. ער וואָלט דאס גאָר ניט געבראַכט צו קיין קאָנפליקט צווישן פאטער און זון אדער געוויזן דעם קיניג פאַרן שטאַרקערן אין קאָנפליקט. דער ביבלישער דערציילער זעהט דאָ בלויז דעם זון, דעם פאטער. אַזוינע מעשיות זיינען געוואָרן דער קראַנץ צו דוד׳ס לעבן. אין דער יוגנט ווי אין דער עלטער זעהן מיר אַלץ אין מיטלפּונקט דעם מענשן, דעם העלדישן, דעם זינדיגן, דעם תּשובה־טוער, געשטראפט מיט די קינדער, און ער שטאַרקט זיך שטענדיג דורך שולד און וויי אין זיך און אין גאָט.

פּראָפּ. צ. י. טויבלער



# אנהייב כסליו תרע״ט

איז געקומען אנהייב כסליו תרע״ט.

ברודיג־געפרוירענע לופט רויכערט איבער פעלדער, ווי קאלאמוטנע קאלטער דרומל. שטיקער הימל וואלגערן זיך דורכאויס אויף בערגלאך ערד פארחושכט, צעריסן, ווי מיט פיס צעטראטן, נאר אוועק די פיס. שוין נישטא זיי מער — פארהוילן און פארשווינדן מיט טריט־מיט ריזיגע.

איבערן גאנצן שטח פון ווינקל דא, פון יידן־קאנט דעם קרעמערשן און גרויסן. נאגט אן אלטע וועלט א זויערע, אן הפקר־וועלט פריי פאר קעלט פון ווינטער צייט, פאר ווינט, וואס קאן פון צפון בלאזן און פאר צרה, וואס דארף נאך אויסברעכן און קומען פון ווייט פון ווייט, פון אן הפקר־שטאט אן עקסטער, וואו אלץ האט שוין אויסגעבראכן און געטראפן:

— א גרויסע שחיטה איז דארט געשעהן.

און הימל קויט ווייסט דערפון, און ווינטער טאג, און פארשלאפן דארף, וואס האלט נאך אלץ אין ברויזנדיגן שווייגן און ווארט נאך אויס... און זעהט אויס שטום, ווען יידן פארן עס א דורך.

טעג זיינען דא א מאל געווען לעבעדיגע, ווי אין יעדן לאנד. איצט ווערן זיי געבוירן טויטע, פארפרירן גלייך און זינקען איין אין נעפל. און וואכן לאנגע פון גרויער לקוי־חמה ציהן זיך און ציהן. קהלות יידישע פון שטעטלאך נאהענטע שרייבן זיך געהיים א דורך וועגן שמירה, און אין דער געגנט דא, דער נאקעטער און הוילער, האט מען שוין געפונען דעם ערשטן יידישן הרג. אין א ווינטער־טאג א ניט־דערפרוירענעם, ווי קאלטער זויער־טייג צעצויגענעם, האט מען אים געפונען ביי דער שמאלער באן ליניע, צווישן פארקאוועטן טייך „סאָב״ און צווישן טאליגן קוים־באשנייטן דארף „ליק״. ער איז דארט געלעגן מיטן פנים ארויף, הפקר, צעהרגעט און פארפרוירן, די הענט פארשפרייט צו גאָרער וועלט, די פארקילטע אויגן אָפן, די לינקע ברעם צעשפאלטן ביזן עק פארקנייטשטן שטערן און די ליפן אויסגעצויגן און אנגעשטעלט, גלייך אין שטומען אנגסט האבן זיי געוואלט ניט געבן א געשריי, נאר טאן א סמאקע:

— או... וואי!.. או... וואי!..

און מער גאר. א לאנגער מת פון באן ארויסגעווארפן; א שטיק־קלעמענדיג רחמנות אין געשטאלט פון א פרעמדן יידן — אן אייביג ניט־דערפארענעם דורכפארער.

און געלעגן איז ער אזוי א טאג און צוויי און דריי, ביז אן אלטער גוי א גלויביגער האט אים ארויפגעוואלגערט אויף זיין וואגן און פון מצוה וועגן אים געבראכט צופירן אין נאהנטן שטעטלדיגן טאל.

דאס איז אלץ געשעהן נאך דאן אין אנהייב כסליו אין דער צייט דער זויערער, ווען איבער „סאב״ דעם טייך דעם לאנגן איז געהאנגען א בלינדער טאג, אן עסעריגער און א פוילער. ראבן זיינען געפלויגן אפ און אויף, און געהודעט האבן פוסטע שמיטה׳דיגע טעלעגראף־דראטן. ראבן האבן אויף זיי גערוהט, ראבן האבן געטראגן שווארצע קולות אראפ אראפ און באפאלן דארט א טאפאל אן איין־און־איינציגן. קעגן איבער דעם טאפאל איז מיד און אלט געלעגן דער שטעטלדיגער טאל. ס׳האבן געדרומלט שורות, שורות טשערעפענע דעכער, שולדיג זיך געטוליעט איינס צו צווייט און געגליטשט זיך אראפ, אראפ צום סאמע ברעג.

אין אנהייב נעפלדיגן מארק בלאנקט א ווייסער פלעק. ס׳שטייט דארט שעהן־לאנג א ווייסע ציג און נעבן איר — אן אלטער אפגעריסנער חסר־דעה. ער גלעט די ציג אוןביידע גליווערן — דער חסר־דעה און די ציג — ביידע מעלה־גרה׳ן.

איז שטיל און תעניתדיג און קאלט.

און נעבן דער אלטער קרומער קהלה־שטוב ווארט אלץ די פיר מיטן געבראכטן פרעמדן הרג. און אין אקעגנדיגע הייזער־פענסטער קלעפט מען און מע קוקט, ווי מענשן געניינען אייציגווייז צום וואגן. אהן הארץ און אהן וועהן גענייענט מען דארט צום וואגן, ווי הינט אדער ווי וועלף צו א זייעריגן; יעדער טוט דארט שטום א שמעק פון טויטן און גייט אפ.

ס׳טוט א קלאפ א הינטער־טיר אויפן ארט פון א געוויין, און לאזט ארויס ניט מעהר ווי א געשריי, וואס טאטע טוט אויף קינד:

— זיץ אין שטוב!

און ווידער שטום און טויט דער דרויסן. קיינער פארט שוין לאנג פון שטעטל ניט ארויס, און פעלד איז פוסט און ייד איז הפקר. א קוימען אויף א דאך לאזט פויל ארויס דעם נשאר פון אַ רויך.

און א קעגן דא ניט ווייט, אין מארק שווארצט זיך אלץ א רעדל — שטייען פיר געציילטע לאנגע טאטעדיגע בערד און אלע קוקן זיי אהער און שטוינען. פון איינעם שמעקט מיט אלטן ציגן־באק, פון צווייטן — מיט גערויך פון קאלטן מילכדיגן קריגל, פון דריטן — מיט זאפט פון ווינטערדיגע קעלער־

עפל. און דער פערטער איז א נאר. ס׳שמעקט פון אים מיט ליידערווארגער. קוקט ער אלץ אהער צום וואגן און שטוינט און פרעגט:

— איז וואסזשע א?.. איז ירדים טאקי אויס?!

צווייטע האלב פון כסלו האט באנייס אכזריותדיג און ווילד געפרובט א יאטרע טאן דער קאנט. און אין גרויסן שטח פון דרום־מערבדיגער געגנט זיינען דא און דארט, ווי אין רויטער היציגער געשוויליכץ, געבליבן שטעקן נייע וואונדן שטעט.

איצט האט שוין אויף זיי געשאטן —

געשנייט, געשנייט אויף רויטע וואונדן שטעט.

און דא ביי „סאב" דעם טייך דעם לאנגן האבן אלץ געברודיגט טעג, געריסן קורצע ציין ביי קרעמער, געצאלט פאר שטעטלדיגן טאל מיט הרוב׳דיגע היימען, מיט פארגוואלדיגטער נקבה...

איז דאן געוועזן הויל ארומעט. קאלטע קויטיגע געפריריכץ — וויסטער חלל. טויטע טויבע דראטן געהודעט האבן ארום טאל, זיך אוועקגעצויגן אנגעפרוירן ווי אין ווייטע מדבר־סטעפן און ניט דערגרייכט שוין מער צו גרויסער מאמעדיגער שטאט. שטעטלדיגער טאל האט לאנג געווארט פון דארט א טרייסט און פאר׳חושכט אזוי שטום געבליבן חלשן אוןווארטן...

איצט גייט שוין קיינער לאנג צו הויפט־גאס ניט ארויס. און נאר אין איינעם דארט א פענסטער פון א גרויסן הויז קוקט ווען ניט ווען די לעצטע פון די בתולות זיך די אויגן אויס — אומעטיגע אור אלט־אויגן, חלומות פון צוויי טויזנט יאר קוקן צו, ווי שווארצער תלין רייט אויף פערד — טאג־טעגליך אויסגעצירט אין ווייסע ענטשן, מיט גאנטעס שמעכל אויף די ליפן, מיט לאנגן וואריטשיק אויף ערוה׳דיג געגאלטן קאפ — טאג־טעגליך קוקן אויף אים דארט אוראלט־אויגן, חלומות פון צוויי טויזנט יאר.

און אין זויער קעלט און ווינטער־ברוד האט איינמאל אפגע׳חלשט דא א טאג אזוי, א נאכט — א נאכט פון שבת קודש. אין גרויער מארגנדיגער פריה האט פון ווייטן נעפלדיגן דארף געזאגט צו גאט אן אלטער קלויסטער־גלאק, גענאגט געקלאגט. פאר פרומע לייט איז פאר׳חושימט דא אין טאל געבליבן וויסטע לאנגע גאס, געגאפט ניט גלויבנדיג און דאך געדהארכט, געהארכט מיט פרעגנדיגער קנאה:

— האט נאך ווער דען אויסבאהאלטן א גנבה׳ש שטיקל גאט!

אן אלטער תהילים־זאגער איז ערגעץ וואו געבליבן שטיל ביי זיך אין דער היים, דערפילט א טיאך אין הארץ און ניט געוואוסט שוין מעהר, גאט ווער איז, און וועמענס איז ער.

האט געקלונגען ווייטער פרעמדער גלאק. און אויף שטעטלדיגן טאל האט אלץ פון נעכטן אן געקרעהט א שווארצער האן; א פוילער ווינט געבלאזן האט מיט שרעק, מיט סקריפ פון צוגעמאכטן לאד און געקרייצט, געקרייצט א שבת־דיגן טאג. באנאכט האט מען ערגעץ שטארק געריסן דא א טיר. געקלאפט געלאכט און גארניט ווייט האט אלעמאל געטאן א שאס. נאר איצט האט אלטער הייזיריגער וואנט־זייגער געקוקט געקוקט צו שבתדיגן לייכטער אויף צוגעדעקטן טיש און פלוצים גסיסה׳דיג און לאנג אויסגעכארכלט: „ניין". האט מיט טליתדיגן מנין שארף פארשמעקט אן אלטער זיידעדיגער נאז, מיט חלב פון בירת־המדרשדיגע עמוד־ליכט און מיט געזאנג פון שבתדיגן „למנצח". אלטער אויער האט אומגעריכט דערהערט — א גאנצע עדה האלט שוין ווייט:

יהי חסדך עלינו, כאשר יחלנו לך.

און אפגעווארט אזוי א ווײלע, אנגעשטרענגט מיט קלאפנדיגן הארץ און פלוצים, ווי אין חלום נאך א מאל דערהערט:

כי אלף שנים בעיניך כיום אתמול.

און אויף גיך, אויף גיך ארויפגעווארפן זיך אויף דהאלז דעם קויטיגליכן האלב־פארגעלטן טלית, אנגעזאטלטן שבת׳דיגן ראק פון אויבן, און געשווינד, געשווינד מיט ציטעריגע פיבער־דהענט אויפגעפראלט אן אונטער־טיר, ארויסגעשטעקט די ווייסע בארד אויף קעלט און זיך א יאג געגעבן, נאר באלד געבליבן שטיין — דערהערט א שאס ניט ווייט, א שמעק געטאן די לופט א הין צו פוסטער וואכן־לאנג פארשוועכטער שול און אוועק צוריק, צוריק פארפראלט נאך זיך די טיר.

איצט איז שפעטלאך שוין — בייטאג...

אויף שטעטלדיגן טאל קרעהט אלץ פון נעכטן אן א שווארצער האן, א פוילער ווינט בלאזט מיט שרעק, מיט סקריפ פון צוגעמאכטן לאד און קרייצט און קרייצט א שבת.

און געקוילעט פרירט דארט שבת׳דיגער דרויסן. ס׳גייט קיין מענש; ס׳וואלגערט זיך א בלעטל „שמות" דארט ארויסגעריסן פון א סדור — א געלס אזא, א „ברכי נפשי"־בלעטל געיאגט פון ווינט, געטריבן איבער צוגעפרוירענער בלאטע, איבער הרודעס, און אָן א תיקון אלץ — אייביג אן א תיקון.

דוד בערגעלסאן



פאר׳ן עמוד,
פאר אנגעצונדענע ליכט
האב איך דערפילט מיין לייב,
דאס קלארקייט,
דעם גוטן ריח פון מיין בלוט.

האט מיין ליכטיג לייב געזעהן:

מתפללים קומען אן אלץ מערער,
פון אלעמען שיילן זיך אפ די קליידער, —
אלט־פארביגע וואָכן,
פארגליווערטע שווייסן
פון האנדל און וואנדל —
ווי ליסקעס פארדארטע רערלן זיך,

פאלן אראפ.

זיי ווערן לייבער איידעלע,
אלע זיי שיינען
פון טבילה און פיינען,
א לויטערקייט שטראַלט פון זיי
און נעמט זיי ארום.

אין אלעמענס פארמאַכטע אויגן שפראצן
געזאנגען,
אויך אין מיינע שפראצט א געזאנג,
נאר פון תנועות שמעקט נאך פיין
און דער פיין אויך ניט אינגאנצן לויטער.

פאר׳ן עמוד,
דורך עמוד פאר דער וועלט
דערצייל איך ווי מיר שפראצן אויף,
ווי מיר קומען אן
דערצייל איך
מיט געוויין, מיט געזאנג, מיט
פראסטן ווארט.

ל. קוויטקאָ

*

בין קיינמאל ניט געווען געשוואלן,
קיין מילך, קיין וואסער
מיינע גלידער ניט געשווינקט —
צען מאל גורט מיין גארטעלע
די לענדן מיר ארום.

בלוטן —
מיינע בלוטן —
פליהן דינע בייטשן,
פייפן שניידיג אין מיין לייב.
אויסגעברענט איז מיר אַף פיס־טריט
אזא ברען־שפרוך דריי מאל: „פריי". —
טרייבט מיך, — לויף איך דורך די טייכן,
דורך די וועלדערס שמייסעריי,
דורך די שעלטנדיגע צינגער,
דורך ירידים׳ס בילעריי.

כ׳טרעף אין טאלן, זיצן סטויפעס:
טרונקן רעגן, פרעסן שטויבן. —
«האט איר אויגן ?»
— הימל׳ס וועגן ! —
«קענט איר בליהן ?»
— יאָ, מיט טרויבן!
«וואס־זשע זיצט איר ?»
— בליי, די ספערן !
«וואו איז פרוכפער ?»
— העכער ספערן !

וואלקענס ליגן איבער טאָלן
איבער וואָלקענס אינעם בלאָוון,
צאפלט, פליהט די פרוכפער טויב,
רייסט פארצווייפלט זיך צו טאָלן,
טרייבט צוריק זי אָף דער שטויב.

ל. קוויטקאָ




אויפ'ן גרעניץ פון ישוב און מדבר דרייט זיך עפּיס אַ בריאה אַ פאַרשטעלעניש אַרום, די וואך און די מדבר־גרעניץ היט, און תמיד איז מיט היטן און מיט וואַכן באַשעפטיגט.

— וואָס וואַרט זי פון דער מדבר?

— עמיצער דאַרף אָנקומען און זיך באַווייזן פון דאָרט — זאָגט זי.

— ווער?

האַלט זי זיך אויף פון זאָגן... אָבער אַז מ'שטייט צו איר צו, אַ סוף־טאָג אַמאָל, אַז פון וואַכן און אומגיין איז מיד, און פון לאַנגן זיך ארומדרייען און פון אנגעשטרענג־טן אַרויסקוקן — שוין פאַרמאַטערט; און זי זעצט זיך אויף אַ שטיין דאַן צו, און איר פּנים איז פאַרזאָרגט און מיט טרויער צו דער מדבר געווענדט; אַז מ'טרעפט זיך דאַן ביי איר און מ'לאָזט זיך צו איר שטיין און צו איר צופיסנס אַראָפּ און מ'טוט ביי איר — „אויף וועמען וואַרט זי" — אַ פרעג, — אויס־דרייען דרייט זי זיך דאַן מיט'ן פּנים צום פרעגער, מיט אירע אויגן טוט אויפ'ן פרעגער'ס פּנים און אויף אים אינגאַנצן א קוק, און דאַן אָפּקוקנדיג קערעוועט זיך ווידער צו דער מדבר אויס, קערעוועט זיך אויס און ס'זאָגט אַרויס פון איר: —

— אויף וועמען וואַרט איך? אויפ'ן קעמל מיט די צוויי האָרבעס פון דער מדבר.

— און וואָס ברענגט מיט זיך דאָס קעמל?

— נישט קיין רייטער און נישט קיין צוים־האַלטער, נישט קיינע סחורות און קיינע נישט משאות, נאָר צוויי ליכט אויף די האָרבעס...

— וואָס הייסט עס?

דאַן דערציילט די בריאה: —

— ווייט אין דער מדבר איצט, אונטער איינעם אַ זאַמד־באַרג אַ ריזיגן, וואוינט אַ ריז און א לעצט־פאַרבליבענער. געשוואוירן האָט זיך דער ריז, ער וועט דעם וועג צוריק צו זיין עלטערן־שטאַם געפינען, ער וועט אויך זייערע געטער און זייערע טעמפּלען אויסגראָבן, ער וועט זיי אומקערן און זייער ממשלה אויפשטעלן. האָט ער שוין אָבער אַ האַלבע וועלט אויף גייען גע'פּטר'ט, און ביז ער האָט זיך אין דער מדבר געטראָפן, און ביז ער האָט זיך צו יענעם באַרג צוגע־שלאָגן... און זאָגן האָט מען אים געזאָגט, אַז אויף יענעם באַרג האַלטן זיך אויף די געטער, און דערציילן האָט מען אים דערציילט, אַז אין אַ פאַרנאַכט אַ מאָל, ווען דער באַרג פאַרטונקלט און מיט נאַכט פאַרבלאָזן ווערט, פאַר א שטורם און פאַר א נאַכטישן אין דער מדבר, קאָן מען זיי אויפ'ן הויכ'ן שפּיץ, אויף זייערע שטעקנס אָנגעשפּאַרט, און אין זייערע מאַנטלען איינגעהילט, זעהן. האָט ער זיך באַ־זעצט פון הינטן און לאַנג אַרויפגעקוקט אויפ'ן באַרג. האָט ער זיי נאָך ביז איצט נישט געזעהן. און גאָרן גאַרט ער זיי און וואַרטן וואַרט אומגעדולדיג, און אַלע פאַרנאַכט פאַר'ן באַרג און פאַר זיין צופיסנס קניט, דעם קאָפּ אַרויף און צום באַרג'ס הויך פאַרריסן, און ער קוקט זיך זיינע אויגן אויס, און קיין שאָטנדיל גייט נישט פאַרביי זיינע אויגן, און קיין מינדסטער ריר ווערט פון זיין געהער און פון זיין אויער נישט דורכגעלאָזט. האָט ער זיי אָבער נישט געזעהן און נישט געהערט אַ צייט. נאָר איינמאָל, אין אַ אָוונט אַ מאָל, נאָך לאַנגן קניען, און נאָך לאַנגן קוקן אָנגעשטרענג־טן, האָט פון שפּיץ פון באַרג און פון זיין העכסטער הויך אַ קול דערהערט, און דאָס קול האָט אַזוי געזאָגט: —

— „ריז, דו וועסט דיינע געטערס ממשלה נישט אומקערן און דיין פאָטער'ס שטאַם נישט געוועלטיגן מאַכן, ביז דו וועסט דיר נישט קיין פּאָר געפינען, און ביז דו וועסט נישט פון זיך און פון איר אַ נייעם דור אויפשטעלן..."

האָט עס אויסגעהערט דער ריז, האָט ער זיך פאַרטראַכט: און וואו זאָל ער זיך אַ פּאָר געפינען, אַז פון ריזן־שטאַם איז ער דער לעצטער, און צו וועמען וועט זיך ווענדן, אַז דער מין זיינער איז שוין אויסגעשטאָרבן, און אין ישוב איז מען נישט גלייך צו אים, און אין ישוב האָט מען אויף אים, ווי אויף אַ אָנגעשעהניש און ווי אויף אַ ווילד־קדמונים איבערבלייב געקוקט... און אַז ער איז דעם ישוב דורכגעגאַן, האָט ער מיט'ן קאָפּ די זון פון ישוב פאַרשטעלט, און אַז ער האָט דורך דעם ישוב דורכגעשפּרייזט, האָט ער מיט זיינע פיס חורבנות און אומגליקן אָנגעמאַכט: און וועלדער און ביימער האָט ער אַוועקגעלעגט, און שטעט און פעלדער האָט ער צו־טריטן, און מענשן האָט ער צו מילבן געמאַכט, און מענ־שן האָבן זיך פאַר אים אין ערד־לעכער און אין שטיין־שפּאַלטן פאַרשטעקט. האָט ער אַזוי געטראַכט, און צו וועמען זאָל ער זיך ווענדן, און ביי וועמען זאָל ער איין עצה פרעגן, און דאָס קול פון באַרג האָט זיך דאָך נאָר איינמאָל גערעדט, און דאָס קול פון באַרג האָט ער שוין מער פון דאָרט נישט פאַרנומען. איז ער אין גרויס צער געווען. און אויף אַלע זייטן אין דער מדבר האָט ער זיך אַרומגעזעהן: און אפשר וועט עמיצער דאָך צו אים קומען, און אפשר וועט זיך עמיצער דאָך פון דער ווייט באַווייזן. איז אָבער די מדבר — מדבר און מער נישט — געווען, איז ער אַזוי עלענט אויף זיין אָרט געזעסן און די אויגן צו דער ווייטקייט גע־האַלטן, האָט ער אויסער זיך נישט געפונען אַרום זיך גאָר־

נישט, און אויסער האָריזאָנטן און הימלען אויף זעהר ווייט — קיין פויגל נישט באַמערקט. האָט ער ווידער געוואַרט אַ צייט, ביז איינמאָל און ווי ער איז אַזוי פאַרזאָרגט געזעסן, און פאַרשטאַרט און פאַראומערט געוועזן, אַזוי האָט ער פון דער הויך און איבער׳ן קאָפּ ביי זיך עפּיס פליגל און אַ געוויש דערהערט. האָט ער דעם קאָפּ אויפגעהויבן, האָט ער דערזעהן: — אַ פויגל און פון אַ פאַרנעם אַ היבשן האָט הויך און איבער דעם קאָפּ זיינעם אַ ראָד געמאַכט, אַרום־און־אַרום געשוועבט און ווי אין אַ אָנגעצייכנטן קרייז זיך געהאַלטן, און דאַן, און זיך אַראָפּגעלאָזט פון דער הויך, זיך פאַרהאַלטן נידריג און שטיין געבליבן פון שוועבן. און דער פויגל האָט אויסגערופן:

— „ריז, נישט געזאָרגט און נישט געטרויערט, דיין פּאָר איז דיר שוין אָנגעגרייט, דיין פּאָר וואַרט שוין אויף דיר אָבער דיין פּאָר איז זעהר ווייט פון דיר, און צו איר, און צום אָרט, וואו זי געפינט זיך וועט דיך אָט דער בריף פירן"...

און דאָ האָט דער ריז פונ׳ם פויגל און צו די פיס פאַר זיך אַ בריף אַראָפּפאַלן געזעהן, אַ פאַרמאַכטן און אַ פאַרזיגעלטן, און ער איז אויף דער ערד אַראָפּגעפאַלן. האָט ער זיך אָנגעבויגן און אים אויפגעהויבן, האָט ער אים אויפ׳געחתמ׳עט און אין אים לייענען גענומען, און אָט וואָס דער ריז האָט דאָרט אויסגעלייענט: —

— צום לעצטן פון די ריזן, וואו ער זאָל נישט זיין און וואו ער זאָל זיך נישט געפינען, — צי אויפ׳ן ים, צי אויף יבשה, צי אין ישוב, צי אין דער מדבר, — פיל שלום, ברכה און טייערקייט! צוויסן גיבן קומען מיר אים, אַז אויפ׳ן עק פון דער מדבר, דאָרט וואו די וויסטעניש קומט צום ים שוין צו, אויף ברעג און אויף שטיינער דאָרטיגע, איז אונז אַ איבערבלייבונג און נאָך פון אַמאָל פאַרבליבן. און געקעניגט האָבען דאָרט אונזערע עלטערן לאַנג, און ביז זיי זענען אויסגעשטאָרבן, און ביז זיי האָבן זיך איינס דאָס אַנדערע אין געשלעגן אויסגעראָטן. איז אונז איצט פון גאַנצן ריזן־שטאַם נאָר איינע אַ טאָכטער פאַרבליבן; און וואוינען וואוינט זי אין טורם אין אַלטן, מיט די דריי פענסטער, וואָס איינס איז צום ים געווענדעט, דאָס צווייטע צו דער יבשה, און דאָס דריטע — הויך און צום הימל אויבן. און זאָגן האָט זי צוזאָגן, און הערשן הערשט נאָך איצט: אויף דער וואַסער און אויף די פיש פון וואַסער — אין ימים, אויף ערד און אויף בהמות און חיות פון ערדן — אויף יבשות, און אויף ווינטן און שטורם־ווינטן און אויף אַלערליי פויגלען — אין דער לופט פון אויבן. און אַלע הערן זיך צו איר צו, און אַלע אירע באַפוילן פאָלגן און זי אַליין אירע געטער פאָלגט, און זייערע געבאָטן היט. האָבן איר די געטער געזאָגט: וואָס וועט זי זיצן און וואָס וועט זי אויסזיצן, אַז איז׳ן איז די לעצטע, און דער קיסר־טורם האַלט אין אַלט ווערן, און קיינער פאַרריכט אים נישט, און אין זיינע ווענט האָבן זיך שוין האָלץ־ווערעם באַוויזן, און אומעטום איז שוין געלעכערט... און איז׳ן איז זי יונג, אָבער איר יוגנט געהט אומזיסט אַוועק, און איר לייב איז קרעפטיג, און פון איר מוטער לייב קאָן אַ ריזן־דור אַרויסקומען. האָבען זיי איר גע׳עצה׳ט: אַזוי ווי זיי ווייסן און אויף זיכער, אַז אַ ריז איז נאָך פאַרבליבן — צו אויף ים, צי אויף יבשה, נאָר ערגיץ איז פאַרהאַנען, און אויך ער איז אין איר לאַגע, און אויך ער איז דאָרט אַ איינציגער, און גאַרן גאַרט אַ צווייטע העלפט, און זוכט און האָט קיין פּאָר נישט — זאָל־זשע זי אים אָפּזוכן און צו זיך און אין טורם ברענגען... האָט זי געפאָלגט די געטער, האָט זי זיך צו אַלע פויגלען און צו די פלינקסטע און צו די גענייטסטע געווענדט, האָט זי זיי פאָרגעלייגט און געפרעגט: ווער וועט זיך דעם ריז נעמען אָפּזוכן? האָט זיך איינער און דער געשיקטסטער אַרויסגערופן, אַרויסגערופן און אויף זיך דאָס שליחות גענומען. האָט אים די קיסר־טאָכטער אַ בריעף מיטגעגיבן, אויף דער וועלט צו פלידהען און דעם ריז אָפּצוזוכן, אויף ימים און אויף יבשות — און קיין אָרט זאָל נישט פאַרפעלן — און אָט צו ד י ר, וואָס דו לייענסט איצט דעם בריף, און אָט צו ד י ר, פאַר וועמן ער איז איצט צו די פיס געפאַלן, איז ער פון דיין איינציגער פּאָר און פון דער ריזן־טאָכטער באַשטימט. און די ריזן־טאָכטער זאָגט: קום צו מיר... ליעבע און טייערקייט וואַרט אויף דיר, אויף דיר און אויף דיין קומען, אויף דיר דעם איינציגן און אויף דיר דעם געוואַרטן פון לאַנג.

אָפּגעלייענט, האָט דער ריז דאַן נאָך אַמאָל אויף אַרויף און צום פויגל־אָרט זיין קאָפּ אויפגעהויבן, איז דער פויגל ווידער אויף יענעם אָרט און אַרומשוועבנדיג געוועזן, האָט זיך צו אים געווענדט דער ריז און ביי אים אַזוי געפרעגט:

— און ווי אַזוי קומט מען צו דער ריזן־טאָכטער?

— מיט די פיס.

— און וואו אַהין זאָל איך מיין וועג אנריכטן?

— אַהין וואוהין דער פויגל וועט אָפּפלידהען.

און דער פויגל האָט זיך פון זיין נידריג־האַלטן אין דער הויך אויפגעהויבן און נאָך אַמאָל עטליכע רעדער אַרום ריז און אַרום זיין קאָפּ געמאַכט, און דאַן, און אָפּרדלענדיג, האָט זיך צו איינער אַ זייט און צו אַ האָריזאָנט איינעם אַוועקגעלאָזט און — אַוועקגעפלויגן. האָט זיך דאַן אויך דער ריז פון זיין זיץ־אָרט אויפגעשטעלט און מיט׳ן פּנים אַהין, וואוהין דער פויגל איז אָפּגעפלויגן זיך געווענדט, און דאַן, און פאַר׳ן ערשטן פוס אַוועקשטעלן, האָט זיך צום לעצטן מאָל צום באַרג אויסגעדרייט, צו זיין הויך און שפּיץ אַ קוק געטון, און אַזוי געזאָגט צום באַרג:

— באַרג, איך זאָג צו, און כ׳באַשווער זיך: אַזוי ווי איך האָב דאָ ה י נ ט ן און ביי דיין צופיסענס גערוהט, אַזוי וועל איך פון אויבן, און אויף דיין העכסטער הויך מיינע געטער רוהען מאַכן, און איך זאָג אויך צו און גיב אַ נדר, אַז דעם ערשטן זון, וואָס וועט געבוירן ווערן, דאָס ערשטע קינד, וואָס וועט פון מיינע לענדן אַרויסגיין, וועט צו דיר פאַר אַ נזיר אָפּגעגיבן ווערן, פאַר׳ן ערשטן כהן און געטרייסטן דינער צום באַרג...

אָפּגעזאָגט, און דער ריז האָט דעם ערשטן פוס אַוועקגעשטעלט — דער ריז האָט איין טאָג גאַנג געמאַכט, דעם צווייטן פוס — אַ צווייטן טאָג גאַנג, נאָך אַ מאָל דעם ערשטן — אנן דער ריז האָט זיך אין דער מדבר־מיט אין עפּיס אַ געצעלט אָנגעשלאָגן... פון שטעקנס און פון דרענגלעך און פון ליילעכליך און שמאַטעס... און דאָס גאַנצע געביי האָט שוואַך־סוכה׳דיג און ביי דער ערד אויסגעזעהן, און אין מיטן דער מדבר און אין גרויסן עלנט פון דער מדבר גרויס רחמנות געוועקט... איז דאָס געצעלט אָבער זעהר קליין געוועזן, וואָלט דאָס דער ריז נישט באַמערקט אפילו. האָט זיך אָבער פון דער טיר און פון דער לאָך פון געצעלט עפּיס אַ מענש אַרויסגערוקט, אַ איינגעבויגנער און ווי פון דער ערד אויפגעגאַנגען, און איינגעהילט איז דער מענש געווען און מיט אַ טונקעלן מאַנטל פאַרוויקלט, און פון קאָפּ ביז די פיס איינגאַנצן, און קיין פּנים און קיין אויגן נישט אַרויסגעזעהן. האָט אים דער ריז דערזעהן, האָט ער זיך פאַר׳חידוש׳ט: ווער קאָן דאָס זיין און וואָס טוט ער אין דער מדבר דאָ? — האָט ער זיך אַראָפּגעבויגן, האָט ער אַראָפּגערופן און אויסגעשריגן:

— ווער איז דאָרט?

— דער קרעציגער — האָט אַ קול פון דר׳ערד, אַ פאַרדומפּנ׳ס, אַ שוואַכ׳ס און פון אונטערן מאַנטעל־פאַרוויקלטקייט אָפּגעענטפערט.

— און וואָס טוט ער אין דער מדבר דאָ?

— אין ישוב איז קיין אָרט פאַר אים.

— און פון וואַנען קומען די קרעץ צו אים?

— פון דער ריזן־טאָכטער, וואָס אין עק מדבר וואוינט.

— וואָס רעדט ער?

— זאָל ער זיך צו אים אנבויגן, זאָל ער זיך צו אים צובויגן, ער האָט קיין כח נישט, ער קאָן נישט הויך שרייען...

און דער ריז האָט זיך צו אים אָנגעבויגן און אַ האַלבן קערפּער און דעם קאָפּ צו אים אַראָפּגעלאָזט, און דער קרעציגער האָט אָנגעהויבן, און דער קרעציגער האָט אַזוי דערציילט: —

— ביים עק מדבר און ביים ברעג פון ים איז אַ פּאַלאַץ פאַראַן, וואוינט דאָרט אַ ריזן־טאָכטער אַ לעצטע, פון אַלטן ריזן־שטאַם אַ פאַרבליבענע, — וואוינט אַ עלענדע און האָט קיין פּאָר נישט. געהט איר יוגנט אין אומעט און אין איינזאַמקייט פאַרביי, פאַרברענגט זי עלנד און מיט די ווענט די צייט, דרייט זיך אַרום און האָט קיין פריידן נישט, פון טאָג ביז נאַכט, און ווייסט נישט וואָס צו טאָן מיט זיך... איז איר אָבער בירושה מאַכט פאַרבליבן, האָט זי נאָך ביז היינט צו טאָג אויף אַלע פויגלען צו זאָגן, הערן זיי זי, ווי אירע עלטערן אַ מאָל, הערן, דיענן זי און אירע באַפוילן פאָלגן. האָט זי זיי צונויפגערופן און דעם בעסטן און דעם געשיקטסטן געשיקט, זאָל ער גיין און זאָל ער פליהען און זאָל ער פון עק וועלט איר איר באַשערטן און איר ריז ברענגען. איז ער געפלויגן און געפלויגן, האָט ער געזוכט אַ צייט און קיינעם נישט געפונען, און לסוף און אַ היים זיך שוין אומקערנדיג, האָט זיך מיט מיר און אין וועג זיך געטראָפן. בין איך דאַן

יונג און אויך אַ ריז געווען, און אויך איך האָב מיין פּאָר געזוכט, און אויך איך דאַן — מיין צווייטע העלפט. בין איך אים געפעלן געוואָרן, האָט ער מיר פאָרגעלעגט און זיין האַרינטע אויסגעלויבט, האָט ער מיר פון איר פיל דערציילט, און פון איר לעבן און פון איר עלנט אין פּאַלאַץ — בין איך באַשטאַנען אן נאָכ׳ן פויגעל זיך געלאָזט, בין איך צו איר געקומען, צו איר יוגנט און צום וואוינונג אירן און ליעב פון איר אויפגענומען געוואָרן, האָב איך זיך באַזעצט ביי איר און אַ צייט ביי איר אָפּגעוועזן, האָב איך זיך באַקאַנט מיט איר און איר מאַן און איר האַר ווערן געגרייט זיך... בין איך לסוף אויך איר מאַן געוואָרן. און געווען איז דאָס אַ ביינאַכט אַ מאָל, און אַ לבנה האָט דאַן אויפ׳ן הימעל און אויפ׳ן ים געהערשט, און די לבנה האָט דאַן אויך צו אונז אין פענסטער אַריינגעשיינט, און איך בין מיט איר אינאיינעם געווען, און אויסער אונז אין פּאַלאַץ קיין בריאה. האָב איך זי דאַן דערזעהן: ביי דער לבנה און אויפ׳ן בעט ליגנדיג, און איך האָב זיך דערשראָקן, און זי האָט געשוויגן און שטיל נאָר מיט די אויגן געקוקט, און אירע אויגן זענען קאַלט געווען און דאָס פּנים איר׳ס פאַרטראַכט דאַן, און אינגאַנצן, ווי נישט קיין דאָרטיגע און מיך ווי נישט באַמערקט גאָר... האָב איך זיך דאַן געווענדעט צו איר און ביי איר אַ פרעג געטאָן: — וואָס טראַכט זי, און וואָס איז ביי איר אויפ׳ן זינען? — האָט זי מיר נישט געענטפערט. האָב איך זי נאָך אַ מאָל געפרעגט: וואָס איז מיט איר און וואָס זעהט זי אויס אַזוי, און פון וועמען איצט טראַכט זי? — האָט זי מיר אָפּגעענטפערט: „פון איין אַנדערן און אַ בעסערן און נישט פון דיר, וואָס דו ליגסט דאָ”...

— וואָס הייסט — האָב איך ביי איר געפרעגט.

— אַזוי! — האָט זי אויף מיר נישט קוקנדיג און ווי נישט ווילנדיג געענטפערט.

— פאַר וואָס?

— דו ביזט קליין און קרעציג.

און באמת: ווי איך האָב זיך נאָך אירע ווערטער אַרום זיך אַרומקוקן גענומען, אַזוי האָב איך דערזעהן: ווי קליין און נישטיג בין ביי אַ זייט ביי איר און ווי אַ איבריגער געליגן, ווי אַ נישט־באַדאַרפטער און אַ פרעמדער און ווי פון עמיצן דאָ איבערגעלאָזט געוואָרן; און זי איז שען געווען און אַ אומגעוואוינליכע רוה דאן פארמאָגט, און זי איז שטיל געליגן און איך ביי דער זייט פון איר און דערצו נאך מיט עפּיס א קרעציגקייט אזא באדעקט... בין איך אויפגעשפּרינגען, בין איך פון בעט אראפּ און זי ליגן געלאזט. האב איך נאך אויף איר א קוק געטאן און איר גלייכגילטיגקייט און איר פאַרפרעמדקייט געזעהן, און איר מיאוס־געפיל און איר־אלץ־איינסצו־זיין צו מיין אַראָפּגיין. האָב איך זי נאָך באַטראַכט אַ ווייל־ע, באַטראַכט און באַלד פאַרשטאַנען: אַ מכשפה! אַ מכשפה האָט מיך באַהערשט!.. בין איך באַלד אַרויס פון צימער, בין איך דאַן אויך פון פּאַלאַץ אַרויס און אונטערן פרייען הימעל געקומען, ביך איך צום ים דאַן צוגעגאַן און פאַר אים און פאַר זיין לבנה־הערשאַפט זיך געשטעלט. האָב איך דערזעהן

דעם ים: ביים ברעג און דאָרט וואו די וואַסער נישט טיף איז נאָך, איז אַ קעמל און מיט אַלע פיר אין וואַסער געשטאַנען, ביז די קניען אין וואַסער און דעם קאָפּ פאַרריסן, און שטיל און אַזוי קוקנדיג, האָט נישט מיט'ן מויל געקייט, און נאָר מיט זיך און ווי מיט עפּיס אַ מחשבה פאַרנומען. בין איך צוגעגאַן צום קעמל, האָב איך אים אין מיין עלנט, ווי אַ פריינד געפונען, און אין מיין צער דעם דעמאָלטיגן — אַ נאָהענטן אין וואַסער. האָב איך זיך געווענדט צו אים און אים אַזוי געפרעגט: —

— און וואָס מיינסט ד ו, קעמל?

— כ'מיין, ס'איז נישט דאָס ערשטע מאָל, כ'מיין, ביזט נישט דער ערשטער אירער.

— איז וואָס טאָן?

— אין דער מדבר אָפּגיין.

— און וואָס?

— און אַנדערע, אַזוינע ווי דו, זאָלסט פון וועג און פון אַהער־צוגיין אומקערן.

און איך האָב געהערט דאָס קעמל, און איך האָב זיך דעם אויפ'ן רוקן אַרויפגעזעצט, האָט דאָס מיך פון ים און פון ברעג אָפּגעפירט און אויפ'ן זאַמד אַרויפגעהויבן, האָט דאָס מיך דערנאָך אין דער מדבר געבראַכט, האָב איך זיך דאָרט אין געצעלט באַזעצט, באַזעצט און אַלע דורכגייענדיגע און אַלע אַהין־זיך־לאָזנדיגע פון אַהין־צו־גיין וואורען. — און דאָס אינגאַנצן.

און דער קרעציגער האָט זיין דערציילן פאַרענדיגט, און דער קרעציגער איז שטיל אַזוי, אונטער זיין מאַנטל־איינגעהילקייט געבליבן, און אַזוי און איינשוויגן־ווערנדיג, פאַרשטעלט און מיט קאָפּ אַראָפּגעלאָזטן, האָט מיט קערפּער און מיט שטייען שטומן אויפ'ן ריז און אויף זיין איבער־אים־שטייען געוואַרט.

— און וואָס זאָל איך איצט טאָן, זאָגסט דו?

— נישט גיין.

— און דער פויגל, וואָס רופט?

— איז פון אירע שליחים.

שטיל און איינִיגע מינוטן. און דער ריז האָט זיך דאַן פון זיין אָנגעבויגן־שטיין אויפגעשטעלט, און דעם קאָפּ צום האָריזאָנט און אַהין, וואו דער פויגעל איז אַוועקגעפלויגן פריער, געקערעוועט. האָט ער אים געזוכט און מיט די אויגן אים אויסגעזעהן, איז ער נישט געווען און פון ערגיץ זיך נישט באַוויזן, איז דערנאָך אַזוי אַ שטיקל צייט פאַרביי. איז ער פון ווייט צוריק צופליהן געקומען, אָנגעפלויגן און אַרום ריז זיך דרייען גענומען.

— און וואָס האָסט דו געוואָלט, ריז?

— דעם אמת וויסן.

— פון וואָס?

— פון דער ריזן־טאָכטער און פון דיין שליחות.

— ס'איז אמת.

— און דער קרעציגער וואָס זאָגט?

— וואָס אַ קרעציגער קאָן זאָגן.

— און אַ סימן?

— איז דאָס קעמל.

— וואו?

— אָט! — און דאָ האָט זיך נעבן ריז מיט אַ מאָל אַ קעמל שטעהן באַוויזן, אין דער מדבר און אין דער מיט, און דעם האַלדז אַרויף פאַרהויבען, און קאָפּ און פּנים אַנטקעגן אַ הימל־עק אָנגעשטעלט. איז דאָס אַזוי פאַרטראַכט געווען, איז דאָס צו עפּיס ווי גרייט געשטאַנען, און אַזוי און שטייענדיג, און אַזוי און גרייט זייענדיג, האָט ווי אויפ'ן ריז און זיינע פראַגעס, ווי אים צו ענטפערן און ווי אים תשובות געבן געוואַרט.

— און וואָס, קעמל, זאָגסט ד ו צום קרעציגן?

— כ'קאָן אים נישט.

— און ווער האָט אים געבראַכט אַ הער?

— נישט איך און נישט מיין מין — מיין גלייכן...

— קרעציגער! — האָט דאַן דער ריז אויסגעשריגן און אויפ'ן קרעציגן און אויף זיין קאָפּ און קערפּער אַ פוס אַ הויב געטאָן און אים אָנגעגרייט געהאַלטן. — קרעציגער!! — האָט ער נאָך העכער זיין קול אויפגעהויבן, און אויף אים מיט אַ מאָל און מיט כוח זיין פוס אַראָפּגעלאָזט... און דער קרעציגער איז צו נישט געבליבן, און דער ריז האָט אויף אים זיין געצעלט און ביידל איבערגעקערט און זיינע שמאַטעס און דרענגלעך אויף אים אַ מצבה אויסגעשיט, און — זאָל ער ליגן, און זאָל ער נישט ליגנערן, און דער ריז האָט זיך ווייטער אַוועקגעלאָזט.

און אַז דער ריז איז אַזוי אַ טאָג און צוויי אין דער מדבר געגאַן, מיט קיינעם אויף זיין וועג זיך נישט אָנגעשלאָגן, און די מדבר האָט זיך נאָך נישט אויסגענומען און איר אויסגאַנג איז נאָך נישט צוזעהן געווען, האָט ער איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט אַ דאָרטיגן אופ'ן וועג זיך אַראָפּגעלאָזט, אויף דעם זאַמד זיך אַוועקגעלעגט, און דעם פויגל זיין באַגלייטער, זיין פירער און זיין פאָראויס־געהער, צו זיך רופן און אויף פאַרנאַכט אים איינלאַדן גענומען: פויגל, באַוויז זיך!.. האָט דער פויגעל פון אַ ווייטן הימל־עק און פון צוריק פליהן קומען זיך באַוויזן, שוין אין טונקלקייט און מיט פליגל מאַטע, און נידעריג זיך האַלטנדיג און אין לעצטער שיין אין דער מדבר; איז ער צום ריז צוגעפלויגן, צוגעפלויגן און ביי אים אָנגעפרעגט:

— וואָס באַדאַרפסטו, ריז?

— ווי ווייט איז נאָך צום ריזן־טורם פרעגן.

— שוין נישט ווייט און דו קאָנסט זיך גרייטן.

— צו וואָס?

— צו נאַכט און צו נאַכטלעגער. לייג זיך.

און אַז דער ריז האָט זיך אַוועקגעלעגט, אויף דער ליינג פון דער מדבר די פיס און גלידער אויסגעצויגן, די אויגן

פאַרמאַכט און פאַמעליך דעם שלאָף און מחשבות פון שלאָף זיך איבערגעגיבן, און אַזוי אויך אײַנגעשלאָפן פאַמעלײך. אַזוי האָט זיך באַלד אים חלומ׳ן אָנגעהויבן: — דער פאַרלאָזטער באַרג פון די געטער איז צוריק אויפגעלעבט געוואָרן... אין דער הויך און אויפ׳ן שפּיץ פון באַרג האָט זיך אַ טעמפּל באַוויזן, אַ נייער און אַ אויפגעבויטער, אַ באַנייטער און ווי היינט צו אַ יום־טוב געעפנט... און איז׳ן איז אויף דער נאַכט אַצינד, און אין דרויסן איז טונקל און פינסטערליך, נאָר אין טעמפּל אינווייניג איז ליכטיג און באַלויכטן, און פון דאָרט און דורך די פענסטער די דאָרטיגע שיינט דער יום־טוב אויך אויף באַרג און אין דרויסן אַרויס... און איז׳ן איז נאָך דערווייל דער טעמפּל ליידיג, נאָר אָט ווייזט זיך אויף זיין שוועל אַ איינער, אַ דינער און וואָס דעם טויער צועפנט, און דעם טעמפּל פאַר אָנקומענדיגע און פאַר אַריינגייענדיגע — זאָלן אַריינגעהן. און אָט ווייזן זיך שוין אָנקומענדיגע פון באַרג, פון אַלע זייטן און פון זיין צופּיסנס, דורך טרעפּ און דורך סטעזשקעלעך פאַרשידן, און אַלע מיט ליכט אין די הענט, און אַלע די ליכט פון ווינט און פון פאַרלעשן פאַרשטעלן: — מ׳גייט אויף און מ׳קומט צו פאַר טעמפּל צו, און מ׳הויבט זיך צו זיין אַריינגאַנג אויף, און מ׳גייט אויך שטיל אין זיין אינווייניגסט אַריין, און די אויפגייענדיגע מערן זיך, און פרויען מיט קינדער גייען, און אַלטע ווערן דורך יונגע געפירט, און אַלע קומען אין טעמפּעלס באַלויכטיגונג אַריין, און אַלע זענען זיך אַהין מיט די ליכט צונויפגעגאַן, ווייזט זיך אין טעמפּל און אויף אַ בימה־הויך, ביי דער מזרח־וואַנט און אַנטקעגן דער טיר־אַריינגאַנג, אַ אַלטער כהן און אין ווייסן אָנגעטאָן געהילט, שטעלט ער זיך שטיל פאַר׳ן עולם פאָר, שטעלט ער זיך פאָר און זאָגט אַזוי צום עולם: —

— אין נאָמען פון טעמפּל, און אין נאָמען פון די געטער פון טעמפּל, ערקלער איך פאַר ווידער אָפן און ווידער באַנייט דעם טעמפּל! דאָס האָבן מיר איינעם פון אונז, אונזערן אַ לעצטן און פון אונזער שטאַם אַ פאַרבליבענער, צו פאַרדאַנקען, דאָס האָט ער באַגערט, דאָס האָט ער געגאַרט צו אַ באַנייאונג, און אַ דאַנק זיין ווילן, און אַ דאַנק זיין גאַרן, האָבן מיר זיך איצט צונויפגעזאַמלט, האָבן מיר זיך איצט צונויפגעקומען אַהער. לייג איך אייך איצט פאָר: באַערט דעם טעמפּל...

און דער עולם האָט דעם כהן געהערט, דער עולם האָט זיך מיט די ליכט אין די הענט אויף די קניעס אַראָפּגעלאָזט, און דער כהן האָט אויף זיי זיינע הענט אויפגעהויבן, און דער כהן האָט אויף זיי שטיל מתפּלל געווען, און דער עולם האָט שטיל געקניעט, און אויף זיך און אויף די קעפּ זייערע די תפלה און איר שטילקייט גענומען...

— און איצט, — האָט דער כהן געזאָגט — שטייט אויף און הערט.

און דער עולם איז פון קניען אויפגעשטאַנען, דער עולם האָט זיך פון דער ערד אויפגעהויבן, און אַלע האָבן אויפ׳ן כהן געקוקט, און אַלע האָבען אויף זיין וואָרט געוואַרט. און דער כהן האָט זיך ווייטער אָנגערופן, און דער כהן האָט אַזוי געזאָגט:

— אין נאָמען פון טעמפּל, און אין נאָמען פון די געטער פון טעמפּל, שענקן מיר דעם גוטס־טוער אונזערן אַ געשאַנק אַצינד, שענקן מיר אים צו זיין חופה־נאַכט צוויי ליכט נישט אָנגעצונדענע, פאַר אים און פאַר זיין פּאָר, פאַר אים און פאַר דער ריזן־טאָכטער פון אים אויסדערוואוילטער.

און דאָ האָט זיך דער כהן פון בימה־טיש, וואָס איז פול מיט ברענענדיגע ליכט באַשטעלט געווען, צוויי נ י ש ט קיין אָנגעצונדענע, צוויי נ י ש ט ברענענדיגע אַראָפּגענומען: גרויסע און לאַנגע, וועקסענע און מיט קנויטען נאָך נייע, האָט ער זיי איןביידע הענט גענומען, האָט ער זיי צום עולם אויסגעשטרעקט, האָט ער אויסגערופן און ווידער געזאָגט: —

— זאָל ער צוגיין און זאָל ער זיי נעמען, אונזער גוט׳ס־טוער און אונזער טעמפּל־אויפריכטער, צו זיין חופה און צו זיין נאַכט דער ערשטער, און אַז ער מיט זיין באַשערטער, אַז ער מיט זיין פּאָר וועלן זיך פאַראייניגן, וועלן זיך דאַן אויך די צוויי ליכט מיט די קנויטן צונויפגיין, וועלן זיי זיך אָנצינדן איינס ביים צווייטן, וועלן זיי צו איין פייער ווערן, וועלן זיי דאַן צו מענשן אָפּגעשיקט ווערן, וועלן מענשן די ליכט דערזעהן, וועלן זיי וויסן: אַ אַלטער שטאַם איז צוריק אויפגעריכט געוואָרן, אַלטע געטער זענען צוריק צום לעבן געקומען, און די ריזן און די משפחה פון ריזן האָבן צוריק זייער ממשלה און זייער געוועלטיגונג באַקומן...

און דער ריז האט דאס אויסגעהערט, ווייל דער ריז איז צווישן עולם געווען, האט ער זיך ארויסגערוקט פון צווישן עולם און צו פאר אלטן כהן און פאר זיין בימה־שטאנד געגעהנט, האט ער צו אים די הענט אויסגעשטרעקט און ביי אים די ליכט צוגענומען און מיט זיי אויף צוריק זיך גערוקט.

און אט, ווי דער ריז איז אזוי צוריק און מיט די ליכט גאנגען, אזוי האט ער דערזעהן: טונקעל און אויסגעלאשן האט אין טעמפל דאס ליכטיגקייט גענומען ווערן, אויס יום־טוב און ווי עפיס א טרויער האט זיך אויף די ווענט אנגעצויגן און אויפן גאנצן עולם האט זיך, ווי א טונקל שאטן־איינגעהילטקייט אראפגעלאזט, און דער גאנצער עולם איז אין דער פינסטערליך געבליבן, און די ליכט און די הענט זייערע האבן איינגיין און זיך אויסלעשן גענומען, און אויך די ליכט פון דער בימה — צו צאנקן און איינציהען זיך מיט שיין. איז אין טעמפל דאן שטיל געווארן. האט מען אויף דער בימה דערזעהן: אויפן ארט פונם כהן דעם פריערדיגן, איז איצט א מענש און א איינגעבויגענער, א פארהילטער און אין עפיס א מאנטל א מין געשטאנען, און זיין פנים האט מען נישט געזעהן, און אויך נישט זיין קערפער גאר, און אויך זיין קאפ איז אים פארדעקט געווען, און פון אונטער זיין פארדעקטקייט האט זיך זיין קול דערהערט. האט זיך עס שוואך דערהערט און אזוי געזאגט:

— און זאל ער נישט מיינן דער ריז, און זאל זיך אים נישט אויסדאכטן, אז דאס וואס ער זעהט אצינד, איז גע־

זעהן טאקי און אז דאס, וואס ס׳קומט איצט פאר זיינע אויגן פאר, געשעהט טאקי און מיט אנ׳אמת... ס׳איז א חלום נאר און פון אים א אויסטראכטעניש, ס׳איז זיינס א אויסווייזונג און ווייל ס׳וויל זיך אים, און גערעכט איז דער וואס א י צ ט ע ר רעדט, און רעכט געהאט האט קרעציגער, און ער זאגט: צוטרעטן האט ער אים, אבער נישט זיין אמת, הערן וויל אים נישט, אבער איז׳ן איז אזוי...

און דא איז פון פאר די אויגן פון ריז דער גאנצער טעמפל און אלץ, וואס האט פארפולט דעם טעמפל, פארשווינדן געווארן, און דער עולם איז נישט געבליבן, און אויפ׳ן בארג האט דאס פריערינע פוסטקייט געהערשט, און שטיל נאר אין דער נאכט און אויפ׳ן בארג־שפיץ פון אויבן איז שטיל דאס געצעלט פון קרעציגן, און נעבן דעם דער קרעציגער געשטאנען... און דער ריז האט אויפגעציטערט, און דער ריז האט זיך אויפגעכאפט.

— פויגל! — האט ער א געשריי געטאן. — וואו ביזטו?

און אז דער ריז האט אינאיינעם מיטן געשריי די אויגן א עפען געטאן, און ארום זיך און ארום זיין געלעגער, ווייט און אויף אלע זייטן זיך ארומגעקוקט, אזוי האט ער אויף אומעטום א גראהען פארטאג נאר געטראפן, א שטילן און א מדברישן, און קיינער איז נעבן זיין געלעגער נישט געווען, און קיין באשעפעניש האט זיך פון ווייט נישט באוויזן, און אלץ האט נאך געדרימעלט, און אלעס נאך — טויט געשוויגן. האט דער ריז דאן נאך אמאל צום פויגל גערופן, גערופן און יענער האט זיך אנגערופן, איז ער צופליהן געקומען, פון פארדרעמעלטקייט און פון פארגראהטקייט ארויס, און ווי א פארשלאפענער זיך פארן ריז פארגעשטעלט, האט ער זיך פאר אים באוויזן אזוי און ביי אים „וואס ער דארף” א פרעג געטאן.

— א חלום האט זיך מיר געחלומט.

— כ׳ווייס.

— און וואס?

— ס׳איז גאר נישט.

— און די צוויי ליכט?

— אט זענען זיי!

און דא האט דער פויגל אויף נעבן א זייט זיינער אנגעוויזן, איז שוין דארטען פון פארטאג און ווי פון לאנג דארט ווידער דאס קעמל געשטאנען, האבן אויף זיינע צוויי הארבעס צוויי ליכט זיך באוויזן, צוויי גרויסע און לאנגע, וועכסענע און נאך נישט אנגעצינדענע; זענען זיי איינס אנטקעגן דאס אנדערע געשטאנען, גלייכע און אויפגעשטעלט און איינס אנטקעגן צווייטן פונקט, און שטיל אזוי זיי האלטנדיג, און קעמלדיג אזוי די ליכט אויף די הארבעס טראגנדיג, האט דאס קעמל ווי אויפן ריז און אויף זיין פון דער־ערד־אויפשטיין ארויסגעקוקט, אויף זיין אויפשטעלן זיך און אין וועג זיך לאזן געווארט.

און דער ריז איז אויפגעשטאנען, און פון נאכט און ליגן זיך אפגעטרייסלט, און דער פויגל איז שוין און דער ווייט אפגעפלויגן, און אויך דאס קעמל האט זיך פון ארט גע־

רירט, און אויך דער ריז איז דאן פון זיין ארט אפגעגאן, אפגעגאן און צום טאג און צום ווייטער־גיין זיך געלאזט.

און צום דריטן און צום לעצטן מאל איז דער קרעציגער דעם ריז אין וועג געקומען, און געווען איז דאס אזוי: נאכדעם ווי דער ריז איז שוין א צייט אין וועג געהאט געווען, שוין די מדבר אין די ברייט געהאט דורכגעשפאנט און באלד צום סוף אירן און צום אנהויב ים און צום טורם ביים ים זיך דערנעהענט, — אזוי האט ער איינמאל אין מיט׳ן העלן טאג אין דעם מדבר א מדבר־בילד דערזעהן: — און אפגעשפיגלט, און אין העלער מדבר געבראכט און פארגעשטעלט האט די זון פאר׳ן ריז: א גרויסע שטאט, וואס איז פול מיט מויערן געבויט געווען, און פול מיט גאסן איז די שטאט, און פול מיט טומל און מיט מענשן אין די גאסן, און מענשן איילן זיך ערגעץ און איינס אנטקעגן דאס אנדערע קומען און מענשן מיידן זיך אויס אין איילעניש, און מענשן זענען שטארק באשעפטיגט אלע. האט זיך פלוצלים א פלאץ אין שטאט אויפגעעפנט, א גרויסער און א ריזיגער, און וואס א גרויסע מענגע קאן זיך צונויפנעמען און זיך צונופזאמלן אהין. איז דער פלאץ דערווייל ליידיג און מיט קיינעם נישט פארנומען געווען און אויפגעראמט און מיט ליידיגקייט איז געשטאנען, און קיינער האט זיך נישט געוויזן דארטן. האבן דערנאך צו אים מענשן אנקומען גענומען, פון אלע זייטן און פון אלע גאסן, וואס פירן אהין, און פון אלע עקן און אויך פון אונטערגעסלעך ארויסצוקומען:

— פריער איינציגווייז און ביי די עקן זיך געהאלטן, דערנאך געמערט זיך און אויך אין דער מיט אריין, און פאמעליך־פאמעליך דעם פלאץ אלץ אנגעפילטער געמאכט, און אלץ מער און מער און צו א גרויס פארזאמלעניש געווארן. איז דער פלאץ פול און באדעקט געווען, און שווארץ פון מענשן האט ער אויסגעזעהן, און א שווארץ פארפולעניש האט די גרויס זיינע פארנומען. האט זיך דאן אין דער מיט אין זיינער א הויך ארט באוויזן, צי פון האלץ און ברעטער געמאכט, צי פון זאמד אנגעשיט, איז נישט צו זעהן געווען פון דארט, און אויף יענעם ארט, דעם אונטערגעהויבנעם, האט זיך א מענש ארויסגערוקט און העכער פון אל דעם פארזאמלעניש האט זיך אנגעזעהן. האט דער מענש א ווײלע דעם עולם אויסגעווארט, א מינוט און צוויי און זיך איבערגעקוקט אין ווארטן, און דאן, אום דעם עולמ׳ס אויפמערקזאמקייט צו זיך צו ווענדן, האט א האנט אין דער הויך אויפגעהויבן, אויסגעשטרעקט און אויסגערופן צום עולם:

— „עולם און פארזאמלונג גרויסע, א יום־טוב איז אונז היינט אויסגערופן, א גרויס־געשעהעניש האט אונז היינט צונויפגענומען, ווייסט: אין דער מדבר האט זיך א ריז באוויזן, אין דער מדבר האט ביז א הער א עלנדער געוואוינט, און א לעצטער איז ער געווען, און איינער נאר און א פארבליבענער, און איצט האט זיך אים זיין פאָר געטראפן, און היינט געהט ער מיט זיין פאָר זיך פאָרן; און אויפשטעלן מיינט א דור, ווי ער און ווי די אמאליג־עלטערן זיינע, און גרויסע ריזן וועלן פון זיינע לענדן ארויסגיין, און גרויסע ריזן וועלן

אין ישוב איצט אנקומען, און א ניי־געוועלטיגונג וועט איבער אונזערע קעפּ איצט הערשן. און הויך וועט דעם ריז׳ס מלוכה געבויט זיין, און ביז׳ן הימל וועט זי דערגרייכן. און די הויכע זון וועט ער פון הימל דערלאנגען אום מיט איר זיין קאפּ צו קרוינען. און געשיצט וועט איר זיין און פון דער ריזן־קרוין באהיט. און קיין שונא וועט אויף אייך נישט אנפאלן און קיינע פיינט־חילות וועלן אייערע גרעניצן נישט אריבערטרעטן... הערט־זשע אויס און פארנעמט דאס אלעס, הערט עס אויס און פרייט זיך מיט דעם געזאגטן!״

און דער עולם האט דאס אויסגעהערט, און דער עולם האט געשוויגן, און דער עולם האט נאכ׳ן מענשנס רייד פון ארט זיך נישט א ריר געטאן, און קיינער האט קיין קול נישט אויפגעהויבן, און קיינער האט קיינעם צו קיין פרייד־אויסדרוקן נישט געוועקט. איז מען אזוי שטיל געשטאנען, האט מען אזוי געווארט אויפגעהאלטן, און פלוצלים — און פון דער מענגע ארויס האט זיך א קול דערהערט, א קול א איינציגס און וואס ס׳האט איבערן גאנצן פלאץ געקלונגען, געקלונגען און אויסגעשריגן: מיר דארפן אים נישט! מיר נויטיגן זיך אין אים נישט! מיר ווארטן נישט אויף אים, ער זאל די זון פארשטעלן...

— מיר דארפן אים נישט. מיר ווילן אים נישט! — האט זיך פון אלע עקן און פון אלע זייטן און אויך פון דער מיט דער גרויסער און פון אלע מיילער שוין געטראגן. — מיר דארפן נישט, ער איז אונז פרעמד, דער ריז, ער וועט איבער אונזערע קעפּ טרעטן, ער וועט אונזערע בנינים חרוב מאכן, ער וועט אונז די זון פארשטעלן און אויף אונז א פינסטערניש שיקן, — מיר דארפן אים נישט!

און דא האט זיך דער גאנצער עולם א ריס געטאן, און אלע האבן זיך צו דער ערד א בויג געטאן, און אלע האבן הויפנס ערד און הויפנס שטויב און שטיינער אנגענומען, און אלע האבן זיך מיט די אנגעפילטע הויפנס צו דעם מענשן, וואס איז אויפן הויכן ארט געשטאנען געווענדט, געווענדט און אויסגערופן:

— וואו איז ער? — האבן אלע אין איין קול און אין איין ליארם־אויסרופן געשריגן — אט! — האט זיי דער מענש אויפן ריז און וואס איז דאן אין דער מדבר געשטאנען, אנגעוויזן. — אט איז ער און טוט מיט אים. אט איז ער און אין די הענט אין אייערע!

און דער עולם האט ווארפן גענומען, שטיינער געשאטן און שטויב געשטויבט, און א גרויסער טומל איז צווישן דער מענגע געווארן, און איינער האט אויפ׳ן אנדערן אנגעטריטן, און איינער האט דעם אנדערן געשטויסן, און אלע האבן זיך צונויפגעדרענגט און אנגעלאפן איינער אויפ׳ן צווייטן, און אלע האבן זיך אלץ נעהענטער און נעהענטער צום ריז געריסן, און פלוצלים — און אפגעטאן האט זיך דאס זעהונג, און נישט געבליבן איז דער עולם, און דער פלאץ איז ליידיג געווארן: אפגעראמט און אהן קיינעם, אויסגעליידיגט און קיין נפש נישט צו זעהן, און נאר אויפ׳ן ארט אויפ׳ן הויכן איז איינער אליין און דער פריער־אויסרופער געשטאנען און פנים צו פנים מיט׳ן ריז זיך איבערגעקוקט, און שטיל אזוי זיך איבערקוקנדיג, געשוויגן און אליין אויפ׳ן פלאץ נאר ביידע. איז ער איצט אליין געווען, דער אויסרופער, האט ער איצט עפּיס טרויעריג און ווי נאך עפּיס פארלירנדיג אויסגעזעהן, האט ער זיך נאך זיין שווייגן און אויפהאלטן געווענדט צום ריז, האט ער זיך צו אים אנגערופן און אזוי געזאגט: —

— ריז, וואוהין געהסט דו? און וואוהין זענען דיינע טריט אנגעריכט?

— א הין וואוהין דער פויגל רופט! — האט דער ריז געענטפערט.

נאך וואס?

— די אלטע ריזן כחות צו דערוועקן און דעם ישוב מיט מאכט באגליקן.

— ווער דארף עס?

— איך וויל עס און איך מוז עס!

— און דער עולם?

— איז דעם קרעציגנס!

און דא האט זיך דער מענש, וואס פאר ריז, צו פארהילן און ווי זיך אין עפּיס איינדעקן גענומען, דאס פנים און דעם קאפּ באגראבן און אין זיין קלייד זיך באהאלטן... איז שוין דאן פארן ריז זיין אלטער און זיין באקאנטער, דער קרעציגער און דער פריריגער, אין זיין איינגעבויגנקייט און אין זיין אייגעהילטקייט געשטאנען, און דער ריז האט צו אים א שפאן געטאן, און דער ריז האט מיט כעס און עקעל אויף אים א גיי געטאן... איז דער קרעציגער נישט געבליבן, און אויך דאס גאנצע זעהונג אין דער מדבר איז באלד פון פאר ריז און פון אויג אים פארשוואונדן, און נישט די שטאט איז געבליבן, און נישט די גאסן אין שטאט, און יעדער שפור פון זיי איז פארלוירן געגאן, און — אין מדבר איז דאן שוין פארנאכט געווען, און אז דער ריז האט זיך נאכ׳ן שפאן ארומגעקוקט, און נאכ׳ן גיי צום קרעציגן, ווי די אויגן געעפנט, אזוי האט ער פאר זיך שוין די מדבר און ביי איר אויסגאנג דערזעהן... און מיט ים האט אויף אים א שמעק געטאן, און באלד האט ער פון ים דעם ברעג באמערקט, און אויפ׳ן ברעג איז א טורם געשטאנען, א אלטער און א פארעלטערטער און מיט פענסטער, וואס האבן אי צום ים אי צו מדבר געקוקט... איז שוין דאן פארנאכט געווען און אויפ׳ן טורם־שפּיץ האט א פאָן געפאנט און די פאן האט גערופן, און די פאן האט אין טורם אריין איינגעלאדן, און דער ריז האט זיך געלאזט אהין, און דער ריז האט צום טורם זיינע טריט אנגעריכט...

האט ער דאן דערזעהן: — און דער פויגל איז צו איינעם א טורם־פענסטער צוגעפלויגן, און מיט פליגל מידע אין א שויב דארט אנגעקלאפט. האט זיך דאס פענסטער געעפנט. האט זיך פון דארט א קאָפּ ארויסגערוקט, א גרויסער און א זעלטנער, א טורם־טאכטערדיגער און וואס לאנג אויף עמיצן פון דער מדבר ווארט. האט ער זיך באוויזן און זיך צושטראלט, און צום אנקומענדיגן און זיך ווייזנדיגן, ווי זיך א

ריס געטאן אנטקעגן. האט אים דער ריז דערזעהן, און דער ים איז רוהיג געווען, אוןביים אנהויב, און ביי ברעג ביי זיינעם איז אויך דאס קעמל און פון דער מדבר אנקומענדיג געשטאנען, געשטאנען און מיט די ליכט אויף די הארבעס, מיט די גרויסע און מיט די שווייגנדיגע, מיט די וועכסענע און די נאך נישט אנגעצונדענע קיינמאל.

איז דער ריז דאן אין טורם אריין. און ווי ער האט זיך מיט דער טורם־טאכטער, באגעגנט האט קיינער נישט געזעהן, און ווי זיי האבן זיך באקאנט צום ערשט, איז קיינער נישט געווען דערביי. ווייל א חדר אין א חדר האט זי געהאט, און אין יענעם חדר איז זי נישט געקומן קיינמאל, און יענץ חדר איז פון אלעמאל אפגעשלאסן געשטאנען, און נאר אויף דעם פאל ביי איר אנגעגרייט געווען, און א טיש און א לאמפ איז דארט געשטאנען, און דער לאמפ האט זיך נישט אנגעצונדן קיינמאל, נאר היינט און צום באגעגעניש האט געברענט צום ערשטן.

זענען זיי אריין, און א שעה איז אוועקגעגאן — און זיי זענען דארט שטיל געווען, און נאך א שעה — און זיי האבן זיך אלץ געזאָמט... און די נאכט איז אנגעקומען און אויפ׳ן הימל האבן זיך שטערן געוויזן, און די נאכט איז צוגעפאלן — און דער טורם און דער לאָמפ פון טורם האבן מיט גרויסן יום־טוב ליכט געלויכטן... און שפעטע נאכט האט דערגרייכט — און דער ים האט פון שלאף גערעדט, און דאס קעמל איז ביים ברעג געשטאנען און האט זיך צום ים׳ס רעד צוגעהערט, און דאס קעמל האט די פיס אין וואסער גענעצט, און אויפ׳ן טורם און אויף דעם לאָמפ פון דארט געווארט... האט ער זיך לסוף אויסגעלאשן דער לאָמפ... און שטיל איז דארט געווארן, און דער טורם איז אלט און פארעלטערט געשטאנען, און דאס פינסטערניש, ווי באנייט היינט אבער, און ווי קיינמאל נישט פינסטער געווען ביז א

הער... און דער ים האט געזיפצט, און דער ים האט מיט כחות געאטעמט. און דאס קעמל איז שטיל געשטאנען, און דאס קעמל האט אויף סוף־נאכט ארויסגעקוקט. האט זיך דאן אויך אויסגעלאזט די נאכט. האט זיך אויפ׳ן הימל דער שטערן פון פרימארגן באוויזן און אויף ים און אויף מדבר אראפגעקוקט, און ביידע אינאיינעם מיט איין בליק און מיט איינע חסדים געבענשט... האט זיך פון טורם דאן א פענסטער געעפענט, א פענסטער און וואס צום ים קוקט ארויס, און עפיס א קול האט זיך אויפ׳ן ברעג און אויפ׳ן וואסער דערהערט:

— די נאכט איז אריבער און מיט מזל אונז די נאכט, און אויך פאר ליכט און אויף די הארבעס ביים קעמל איז די צייט שוין געקומען...

האבען זיך דאן די ליכט, וואס אויף די הארבעס ביים קעמל איינס צום אנדערען צוגעבויגן. האבן זיי זיך דערנעהענט איינע צום צווייטן, און דער מארגענשטערן האט דאס צוגעזעהן, אין דער מארגענשטערן האט זיי פון הימל שיין אראפגעשיינט, און ביידע קנויטן האבן זיך אנגעצונדן, און ביידע קנויטן האבן זיך אין איין פייער פאראייניגט, און — דאס קעמל איז פון וואסער ארויסגעגאן און פון ים־ברעג ארויסגעשפאנט, און אזוי, און מיט די ליכט שוין ברענענדיגע, און אזוי, אין פארטאג דעם שטילן, האט זיך עס מיט דעם פנים צו דער מדבר און צום וועג אהין געווענדט, און מיט׳ן געדאנק אויך אויסער מדבר און מיט ליכט און בשורה אין ישוב אנצוקומען...

און אויף אָט דעם קעמל וואַרט איך דא, אויף אט דעם קעמל קוק איך ארויס ביי גרעניץ, און שוין א צייט, אז ס׳גייט אין דער מדבר, און צייט שוין קומען דעם.

אזוי דערציילט די בריאה.

דער נסתר



זייט 37, קאלומנע II, שורה 14 פון אונטן, אנשטאט מהן צד צו ליינען: מן הצד.
„ 38, „ I „ 16 „ אויבן, נאך דעם ווארט פארשווינדט פעהלט:
דאס אנטפלעקט זיך פון אינעווייניג אלס צער און לייד.
זייט 39, קאלומנע I שורה 4 פון אויבן, אנשטאט סוד צו ליינען: יסוד.
„ „ „ „ 7 „ אונטן, מיט איחר צו ליינען: מיט זייער.
„ „ „ II „ 7 „ „ צונם לעבן צו ליינען: פונם לעבן.
„ „ „ „ 23 „ אויבן, צו ליינען: נישט דעם חילוק צווישן באוואוסטזיניגקייט און אונבאוואוסטזיניגקייט בכלל נאר דעם צווישן דער אומבאוואוסטזיניגקייט און דעם מענשליכן איך.



# לאַאָטצע און בודדא

דער טיפער מזרח טראגט אונז אנטקעגן דעם הויך פון א ווייכער, א ביסעל צו ווייכער און נישט אין גאנצן געזונטער לופט. מיר עטעמען דא אנ׳אטמאספערע, וועלכע איז אנגעזאפט מיט אנגעווייטאגטע לעבנס־נסיונות. דאס איז א טיף מענשליכע אטמאספערע, ווארום דא האט געפונען א געדאנקליכן אפקלאנג די ציטעריגסטע און איידלסטע סטרונע פון דער מענשליכער נשמה — דער צער, דאס לייד. נישט צום ערשטן מאל, פארשטייט זיך, איז דא דאס לייד געבארן געווארן; אבער צום ערשטן מאל איז דא געבארן דאס פראבלעם פונ׳ם לייד. צום ערשטן מאל איז דא דער ענין פונ׳ם לייד אוועקגעשטעלט געווארן אין דעם סאמען מיטלפונקט פון א פילאזאפישער באטראכטונג און באקלערט געווארן מיט אזא ישוב־הדעת און אזא התמדה, ווי קיינמאל נישט ערגיץ וואו אנדערש אין דער וועלט. און נאר די יודישע נביאים אליין בא זייער באטראכטונג פונ׳ם מוסר־פראבלעם וואלטן זיך געקאנט גלייכן צו זיי אין דעם דאזיגן פרט. דא וואקסן ארויס פאר אונזערע אויגן די געשטאלטן פון לאאטצע און בודדא—ענליך צו יענע העלדן און האלבע געטער, וועלכע שוועבן אינ׳ם כח־הדמיון פונ׳ם פאלק. זייער גאנץ לעבן טראגט דעם כאראקטער פון א לעגענדע, פון ספורי מעשיות. אבער אין זייערע געדאנקען און זייערע ווערטער שפיגלט זיך אפ די סאמע ממשות׳טע פראקטיק פונ׳ם לעבן, יענע לעבענס־פראקטיק וועלכע ווערט קיינמאל נישט אלט און בלייבט תמיד אין אלע צייטן די פראקטיקע פונ׳ם היינטיגן טאג. זיי ריידן מכח דעם צער, דעם צער פון דער מענשהייט, דעם צער פון אלע לעבעדיגע באשעפענישן.

לאאטצע און בודדא גייען זיך צונויף מיטאנאנד אין איין איינציגן פרט, וואס רירט אן די סאמע לעצטע ווארצעל פון דער לעבנס־שאלה בכלל און באזונדער פון זייער פילאזאפיע גייען זיך אבער זייער ווייט פונאנדער אין אלע אנדערע פראגן פון וועלט־און לעבנס־אנשויאונג, מיט וועלכע זיי פארנעמען זיך. עס איז שווער צו זאגן, ווער פון זיי ביידן איז טיפער און פארמאגט א קוק פון א ווייטערן פארנעם. ביידע זיינען זיי מורא׳דיג גרויס, אזוי גרויס, ווי קיין איינציגער דענקער פון מערב־אייראפע און מזרח נאך זיי, הגם עס האבן זיך שוין יא געפונען אנדערע דענקער אינ׳ם טיפן מזרח פאר זיי, וועלכע וואלטן זיך קאנען גלייכן צו זיי אין דער ווייטקייט פו׳נם פילאזאפישן קוק און אין דער טיפקייט פונ׳ם מעטאפאזישן חוש, נישט אבער די דענקער פון מערב־אייראפא. אמת אז די דאזיגע דענקער ווייזן ארויס אין כמה זייטיגע פראגן פון דערקענטעניש מער חריפות, מער איידלקייט אין די סברות און מער צוגעמאסטנקייט אין די באגריפן; אמת, אז זיי ארבייטן מיט אזוינע דענק־מעטאדן, וואס זענען מעהר פרוכפאר און מיט וועלכע מען קאן זיך גרינגער באנוצן; אבער בנוגע צו יענעם אהן־חכמות׳דיגן חוש און יענע אהן־חכמות׳דיגע וועלט־איבערלעבעניש, וועלכע טאפן אן דעם דופק באם לעבן, בא די זאכן און פאסירונגען אהן קיין שום סברות מהן צד — קאנען זיך די דאזיגע מערב־אייראפעישע דענקער מיט לאאטצע׳ן און בודדא׳ן בשום אופן נישט פארגלייכן.

פון די דאזיגע ביידע דענקער־חכמים איז בודדא נעהענטער צום פשוט׳ן געפיל און לייגט זיך אין דער אייגענער צייט גרינגער אויפ׳ן שכל. בודדא געהט ארויס פון דעם גאנץ פשוט׳ן געפיל פון לייד און צער, וועלכן ער פסל׳ט אהן קיין שום תנאים און אויסריידן, נישט פרעגנדיג, צי פארמאגט נישט אפשר דאס לייד אין א געוויסער מאס א געוויסע ווערדע פאר די מענשליכע נשמה אדער פאר דעם זיין פון דער וועלט בכלל. קיין שום שפיצלאך מצד דעם פארשטאנד זענען ניט ביכולת צו פארדעקן פאר זיינע אויגן דעם פשוט׳ן און קלארן פאקט, אז דער עצם לייד, דאס לייד אלס אזוינס, ווערט גע־פילט און אפגעשאצט פון דעם פשוט׳ן און אהן־חכמות׳דיגן

באוואוסטזיין אלס א זאך, וואס באדארף נישט צו זיין. בודדא געפינט, אז עס איז ממש אוממעגליך צו אנטלויפן פונ׳ם לייד אויף דער וועלט. זיין חקירה איז א פראסטע: איטליכע אנטפלעקונג פונ׳ם לעבן און פונ׳ם זיין בכלל איז בטבע עפעס וואס גייט אוועק און כָּלֶה; אלץ אבער וואס גייט אוועק און ווערט כלה איז צונויפגעבונדן מיט א געפיל פון צער, און דערפון איז געדרונגען, אז לייד און צער ליגן אין דער טבע פונ׳ם לעבן און פונ׳ם זיין בכלל. אין תוך גערעדט איז דאס דאזיגע אוועקגיין און כלה־ווערן פאר בודדא׳ן מעהר נישט ווי די אויסנווייניגסטע זייט פון איין איינציגער אינווייניגסטער פאסירונג, און די דאזיגע פאסירונג איז דאס לייד אין אלע זיינע פארמעס און ארויסווייזונגען, אלס דאס לייד פונ׳ם גוף, דאס לייד פון דער נשמה און דאס לייד פונ׳ם גייסט, אדער קירצער ארויסגעדריקט: דאס וואס אנטפלעקט זיך צום דרויסן צו אין דער פארם פון עפעס, וואס גייט אוועק און פארשווינדט, פארגייענגליך און פול מיט צער איז דערפאר אלץ וואס איז באהעפט מיט וועלכער נישט איז באזונדערער פארם און געשטאלט פונ׳ם לעבן און זיין אדער וואס איז באהעפט מיט דעם לעבן און דעם זיין סתם, מיט דעם לעבן און דעם זיין אין זייער גאנצקייט. דער פועל־יוצא דערפון פאר דער פראקטיקע פונ׳ם טאג־טעגליכן לעבן איז אט וואס: טו זיך אויס פון יעדוועדעם געפיל, יעדוועדער גלוסטעניש, יעדוועדן געדאנק, יעדוועדער באזונדערער אנטפלעקונג פונ׳ם לעבן און זיין, ווי אויך פון דעם לעבן און זיין אין זייער גאנצקייט. קעגן דעם איז לאאטצע זעהר ווייט דערפון צו זעהן אין איטליכער באזונדערער אנטפלעקונג פונ׳ם לעבן אדער אינם לעבן בכלל א מין קרענק, פאר וועלכער ס׳איז נישטא קיין שום תרופה. אבער די עיקר־צרה פונ׳ם לעבן הויבט זיך פאר איהם אָן אקוראט אין יענער אומגליקליכער רגע, אין יענער פינסטערער שעה, ווען עס איז צום ערשטן מאל געבארן געווארן די יחידישע נשמה, ד. ה. א נשמה, וועלכע פארמאגט דעם באוואוסטזיין פון אנ׳אייגענעם איך. די ווארצעל פונ׳ם בייז ליגט לויט לאאטצע׳ן אין יענעם פשוט׳ן אימפעט, וועלכער טרייבט דאס באוואוסטזיניגע באשעפעניש צו דערהאלטן זיין קיום מיט אלע מיטלען, אין יענעם אימפעט, וועלכער ליגט אין דער טבע פון איטליכן „נארמאלן" באוואוסטזיניגן יחיד און צוליב וועלכער דער דאזיגער יחיד קוקט אויף זיך ווי אויף דעם מיטלפונקט פון דער גאנצער בריאה. לויט לאאטצע׳ן קומט אויס, אז דער דאזיגער „נארמאלער" יחיד געפינט זיך אין א לחלוטין נישט־נארמאלן פארהעלטעניש צו אלע אנדערע טיילן און ערשיינונגען פון דער גאנצער איבריגער נאטור: ווארום איטליכע איינציגע ערשיינונג פון דער גאנצער איבעריגער נאטור לעבט זיך רוהיג איר לעבן, נישט פארלאנגנדיג פאר זיך קיין באזונדערן ארט, וואס זאל זיין א יוצא מן הכלל, נישט וועלנדיג פארבלייבן דוקא אין די גרעניצן פון איר אייגענעם קיום מיט א משוגע׳נער איינגעשפארטקייט, נישט איינריידנדיג זיך אז זי איז דער תכשיט פון דער גאנצער באשאפענער וועלט און נישט־מיינענדיג, אז מיט איר געבארן ווערן ווערט אלצדינג אין דער וועלט געבארן און מיט איר טויט ווערט אלצדינג חרוב. אמת, אז קיין איינציגע ערשיינונג אויף דער וועלט וויל זיך נישט אפזאגן פון איר אייגענעם מהות, אזוי צו זאגן פון איר אייגענעם איך. אבער צוריקגערעדט האט זי דאך אויך נישט די קראנקע תאוה צו דערהאלטן איר קיום מיט אלע מיטלען, אים צו דערווייטערן און צו פארלייגערן ביז צו אומענדליכקייט. עפעס אנדערש איז דער יחיד, וואס איז באשאנקן געווארן מיט דער שרעקליכער מתנה פונ׳ם איך־באוואוסטזיין: ער קוקט אויף זיך ווי אויף דעם דרך־הטבע׳דיגן מיטלפונקט פון דער גאנצער וועלט, ווייל די גאנצע וועלט גייט פאר אים לאיבוד ווי נאר ער קאן זי נישט מיטלעבן און זיין דערביי, ווייל — זיין גאנץ געפיל־לעבן איז אזוי באשאפן, אז אלצדינג ארום אים זאמעלט זיך אן אויף יענעם קליינעם פינטעלע, וועלכן זיין אייגענער גוף פארנעמט איטליכעס מאל אינ׳ם וועלט־שטח. אין דער דאזיגער נאטור־פיינטליכער פאזיציע פונ׳ם „נארמאלן" באוואוסטזיניגן יחיד זעהט לאאטצע דעם ערשטן צוריקטראט פון דעם עיקר־געזעץ פונ׳ם אלגעמיינעם לעבן, דעם ערשטן חטא קעגן דעם גייסט פון דער נאטור, די עיקר־צרה, פון וועלכער עס ליידט דאס מענשליכע לעבן. לאאטצע שטעלט אויף אט וועלכן דיאגנאָז: דער מענש ליידט פון דער קראנקער תאוה צו פארפעסטיגן זיין קיום און דורכצושטופן אים ביז דעם סאמען אויבן־אן. דער פועל־יוצא פון דער דאזיגער קרענק איז: אייביגע אומרוהיגקייט און אייביגע אומצופרידענקייט אין דער אייגענער נשמה און אינ׳ם טאג־טעגליכן לעבן, הפקרות און צוריסנקייט אינ׳ם לעבן פון דער געזעלשאפט, מחלוקת און פארפלאנטערונגען אינ׳ם לעבן פון דער מלוכה. און אט איז די רפואה פאר דער מכה: לעב זיך אויס אויף דעם זעלביגן אופן ווי עס לעבט זיך אויס, א שטייגער, א בוים — אהן דעם פארלאנג צו פארנעמען אנ׳אויסטערליש באזונדערן ארט, אהן דער איינגעשפארטקייט צו פארפעסטיגן דיין קיום, אהן קיין שום פניות און כוונות, אהן דעם ווילן ארייצוטראגן שנויים אין אלצדינג ארום דיר, אדער קירצער ארויסגעדריקט: לעב זיך אויס ווי עס לאזט זיך לעבן פון זיך אליין, נישט ווענדנדיג דיין ווילן אויף עפעס במחשבה תחילה.

דאס גרויסן זיך מיט זיין אייגענעם איך מצד דער באוואוסטזיניגער באשעפעניש איז לויט לאאטצע׳ן אנ׳עַולה בנוגע צו די רעכטן פון דער גאנצער באשאפענער וועלט, ווארום דער אמת׳ער „איך" קומט דער כלל־נאטור אדער דעם יסוד פון דער בריאה און נישט דער באוואוסטזיניגסטער באשעפעניש. נאר די כלל־נאטור פארמאגט אנ׳אמת׳ן איך און אנ־אמת׳ע פאר־זיך־אליינקייט, אויף וועלכער קיין שום זאך האט קיין שליטה נישט, אבער נישט דער באוואוסטזיניגער יחיד, וועלכער בלייבט בא זיין גאנצער באוואוסטקייט א זאך צווישן זאכן, נישט מער און נישט ווייניגער. אלס א זאך צווישן זאכן האט דער באוואוסטזיניגער יחיד בודאי א חלק אין דער כלל־נאטור, אינ׳ם יסוד פון דער בריאה, וועלכער אנטפלעקט זיך

דאך אויף דעם אדער יענעם אופן אין יעדוועדער ערשיינונג און אין יעדוועדער באשעפעניש; אלס א זאך צווישן זאכן איז דער באוואוסטזיניגער יחיד ווי נישט איז באהעפט מיט דעם סוד פון דער בריאה. און גראד אין דעריין, אין דעם דאזיגן באהעפט־זיין און אין דעם געפיל פונ׳ם באהעפט זיין באשטייט זיין אמת׳ער און ריינער איך און נישט אין יענעם משונה׳דיגער־וויז צוּוואקסענעם יחיד׳ישן „איך“ וועלכער איז א מיאוסע קרעץ אויף דעם ארגאניזם פון דער בריאה. צווישן די דאזיגע ביידע איכן — דעם נאטירליכן איך פון דער בריאה וועלכער קומט איר על־פי יושר און דעם אומנאטירליכן איך פונ׳ם באוואוסטזיניגן יחיד, וועלכער קומט אים כלל נישט על פי יושר, געוועלטיגט לויט לאאטצען א באשטימט פארהעלטניש אין א פארקערטער ריכטונג: וואס ווייניגער א מענש גרויסט זיך מיט זיין אייגענעם איך און שטעלט אים אוועק אויבן אָן, וואס ווייניגער ער דאגה׳ט מכח דער דערהאלטונג, פארפעסטיגונג און פארמערונג פון זיין קיום, וואס ווייניגער ער שטופּט זיך אדורך צו די זאכן און פאסירונגען ארום אים כדי צו פירן זיי אין באשטימטער ריכטונג און משפיע צו זיין אויף זיי אויף א באוואוסטזיניגן אופן, אלץ מעהר קאן ער האבן א האפענונג, אז זיין אמת׳ער איך וועט ביי איהם בלייבן אהן קיין שום פגם, און פארקערט, וואס מער ער גרויסט זיך מיט זיין אייגענעם איך און פלייסט זיך אוועקצושטעלן אים אויבן אָן, וואס מער ער דאגה׳ט מכח דער דערהאלטונג, פארפעסטיגונג און פארמערונג פון זיין קיום, מיט וואס פאר א גרעסערן אימפעט ער ווארפט זיך אויף די זאכן און פאסירונגען ארום אים, כדי צו משפיע זיין אויף זיי אויף א באוואוסטזיניגן אופן, במחשבה תחילה, און צו גיוועלטיגן איבער זיי דורך זיין ווילן, אלץ מעהר פטר׳ט ער אוועק זיין אמת׳ן איך, אלץ ווייניגער האפענונג קאן ער האבן, אז זיין אמת׳ער ריינער און נאטירליכער איך וועט ביי אים בלייבן, ווארום דער פאלשער איך ווירקט אויף דעם חשבון פון דעם אמתין איך.

דער ענין פון מאראל שפּילט בא לאאָטצע׳ן גאר אַ קנאפּע ראלע. לויט לאאָטצע׳ן איז מאראל באשאפן געווארן בשעת הדחק, אין יענער צייט בשעת געזעלשאפטלאכער פארפלאָנטערונג, בעת דער „פאלשער“ מענשליכער איך האט אנגעהויבן צו קאמאנדעווען אויף א ברייטן אופן הן ביי זיך אין דער היים, הן אינ׳ם לעבן פון דער געזעלשאפט און דער מלוכה. דעמאלט איז געבארן געווארען דער מוסר, אלס קעגן־סם, אלס א פאסיגר מיטעל אבצושוואכן די בייזע פועל יוצא׳ס פון מחלוקת און אומארדענונג. אז די מענשען וואלטן געלעבט בהסכם מיט דער נאטור ד. ה. בהסכם מיט איהר אמת׳ן איך, וואלט מען געקאנט זעהר גוט אויסקומען אהן דעם אפּאראט פון מאראל, ווארום אין דער נישט־פארדארבענער נאטור געוועלטיגן אחדות און שלום.

מיר זעהן אויף אזא אופן, אז צווישען לאאָטצ׳ן און בודדאַ׳ן איז פאראן זעהר א טיפער חלוק. בודדא פסל׳ט אין גאנצען איטליך לעבן בכלל, אין וועלכער פארם סע זאל זיך נישט ארויסווייַזן; קעגן דעם פארווארפט לאאָטצע נאר דאס לעבן פון דעם יחידישן באוואוסטזיין און דעם יחידישן רצון. בודדא איז ממש אנגעזאפּט פון א גאָרן פעסימיזם, פון א מרה־שחורה׳דיגער באציהונג צום לעבן און צום זיין. לאאָטצע אבער ווייזט ארויס קלארע סמנים פון א היבש ביסל אפּטימיזם, פון א צופרידנקייט מיט׳ן לעבן און מיט׳ן זיין בכלל. און נישט קוקנדיג אויף דערויף איז דאך פאראן איין איינציגער פּרט, וואו די דאזיגע ביידע דענקער־חכמים קומען זיך צונויף: די מעשה דערפון איז, וואס פארמיאוסנדיג דעם באוואוסטזיניגן מאמענט קומט לאאָטצע ממילא צו א צו הויכער אפּשאצונג פון דער אומבאוואוסטזיניגקייט, און היות ווי דער תחום פון אומבאוואוסטזיניגקייט איז פאר דער מענשליכער נשמה א ליידיגער פלאץ, וואס איז זעהר ענליך צום נישט־זיין, איז פון דאנעט נאר איין איינציגער טראָט ביז צו יענער אנשאויאונג פון בודדא׳ן לויט וועלכער דער בטול היש, דער גאָרער נישט זיין איז אָהן אנ׳ערך חשובער איידער דער זיין.

און אזוי ארום זעהען מיר אז די דאזיגע גאנצע פילאזאפיע פונ׳ם טיפן מזרח איז אויסן אבצושוואכן מיט אלע מיטלען דעם אזוי בולט׳ן און שארפן ווידעראנאנד, דעם אזוי בולט׳ן און שארפן חלוק צווישן באוואוסטזיניגקייט און אומבאוואוסטזיניגקייט, אדער ריכטיגער געזאגט, נישט דעם חלוק צווישן באוואוסטלאזיגקייט און אומבאוואוסטלאזיגקייט בכלל נאר דעם צווישן דער אומבאוואוסטלאזיגקייט און דעם מענשליכן איך, צווישן דעם באוואוסטזיניגן מענשליכן איך און דעם אומבאוואוסטזיניגן איך פון דער כלל־נאטור, פון דער בריאה, אדער א ביסל פילאזאפישער און צוגעמאסטענער צום אינווייניגסטן מיין פון דעם גאנצן ענין: די גאנצע פילאזאפיע פונ׳ם טיפן מזרח איז אויסן אבצושוואכן דעם ווידעראנאנד צווישן דעם איך פון דער מענשליכער נשמה, וועלכן איטליכער פון אונז פילט בחוש, און יענעם איך פון דער כלל־נאטור אדער דעם יסוד פון דער בריאה, וועלכער געפינט זיך מחוץ פון די מענשליכע חושים. על כל פנים פארווארפן זיי ביידע די מענשליכע פארזענליכקייט און דעם דופק פון דער דאזיגער פארזענליכקייט, דעם באוואוסטזיניגן איך, יענע מאדנע־אומגעלופּערטע חיה מיט איהרע גענג פון א שפין, מיט איהרע טויזנט ארעמס, וואס קאן קיינמאל נישט זאט ווערן, וואס וואלט וועלן משונה׳דיגער־וויז אלצדינג אין זיך אריינגעמען, בעת איטליכע אנדערע זאך אין דער נאטור לעבט פשוט איהר לעבן, נישט שטופּענדיג זיך אויבן אן, נישט פאָדערנדיג פאר זיך קיין באזונדער׳ן ארט און נישט וועלנדיג זיין א יחיד במינו. דער דאזיגער גידאנק טרעט באזונדער בולט ארויס ביי לאאָטצע׳ן. ער איז זעהר ווייט דערפון אבצוקערן זיך צונ׳ם לעבן אין א פארביטערטן כעס; אַדרבה: מען זאל זיך משמח זיין מיט׳ן לעבן וואס איז בטבע גאר נישט שלעכט, ווארום סע גיסט זיך דאך ארויס פונ׳ם קוואל פון דער בריאה, און דער דאזיגער קוואל קאן נישט שלעכט זיין, אבער מען זאל זיך היטן פון א לעבן, וואס יאגט זיך נאך פּריווילעגיעס, וואס וויל זיך שטופּן אויבען־אן, וואס פארלאנגט וואס נישט איז פאר זיך און טאקע

נאר פאר זיך אליין. מען זאל זיך איבערגיבן מיט א צוטרוי צום רשות פון זיינע דרך־הטבע׳דיגע אינסטינקטן, גלוסטענישן און געפילן, וועלכע זענען בטבע נישט פארדארבן און קאנען עס נישט זיין, ווארום זיי וואקסן דאך ארויס פון דער נשמה מיט דעמזעלביגן מוז ווי די צווייגלעך פונ׳ם בוים, און דער דאזיגער מוז קאן בטבע נישט שלעכט זיין. אבער מען זאל זיך היטן פאר אינסטינקטן, גלוסטענישן און געפילן, וועלכע ווילן וואס נישט איז פאר זיך, און טאקע נאר פאר זיך אליין, וועלכע וואלטן וועלן דעם איך ווי נישט איז פארפעסטיגן, פארווארצלען און פאראייביגן, וועלכע ווילן נישט אנדערש וואס נישט איז ארייננציהען אין די גרעניצן און אין דער סביבה פונ׳ם באוואוסטזיניגן איך. מע זאל ארויסשטראלן לעבן אין אלע זייטן, אבער מע זאל זיך נישט סטארען מצמצם צו זיין די לעבנסשטראלען אויף זיך גופא. באזונדער פארמיאוסט אין די אויגן לאאטצע׳ס איז דער אזוי אנגערופענער פרייער ווילן מיט זיינע פניות, כונות און צילן. און דא ליגט דער עיקר־פינטעלע פון דער גאנצער פראגע: לאאטצע פסל׳ט די טעטיגקייט פון דעם אזוי אנגערופענעם פרייען ווילן, און די פעולות, וועלכע דער דאזיגער ווייזט ארויס אויף זיין סביבה.

לאמיר צום סוף נאך אמאל באטראכטן די נפקא־מינה צווישן לאאטצע׳ן און בודדאַ׳ן: בודדא איז לאגיש אויסגעהאלטענער און שרעקליכער. אויב לאָאטצע געפינט קיין שום בייז נישט אינ׳ם געפיל און אין דער גלוסטעניש, אויב זיי זיינען אין זיינע אויגן אומשולדיגע ארויסווייזונגען פון דער מענשליכער נשמה, זעהט שוין בודדא דא גופא די רעכטעווארצלען פון אל דעם בייז און אל די צרות. ווארום דער געפיל און די גלוסטעניש זיינען בטבע אזוי באשאפן, אז זיי ציהען אלצדינג אריין אין די גרעניצן פון יענעם ארט, אין וועלכן זיי געפינען זיך ד.ה. אין די גרעניצן פון יענעם ארט, וועלכן דאס פילענדיגע באשעפעניש פארנעמט איטליכס מאל אינ׳ם וועלט־שטח. יענע נטיה צו זיך און טאקע דוקא צו זיך אליין, פאר וועלכע לאָאטצע האט זיך אזוי געשראקן און פאר וועלכע ער האט אזוי מתרה געווען — זי ליגט שוין אין איטליכן נאטירליכן, לכתחילה׳דיגן געפיל. בודדא פסל׳ט מהאי טעמא איטליכן לעבנסגעפיל סיי נאטירליך, סיי אומנאטירליך, סיי פול מיט צער, סיי פול מיט פרייד, און פארשטייט זיך אויך איטליכן ווילנס־אימפעט, וועלכער וואקסט ארויס אויף דער קרקע פון דעם דאזיגן לעבענסגפיל. עס איז אבער פאראן איין איינציגער תנאי, וואו בודדא געפינט, אז א מענשליכער ווילנסאימפעט איז גאר א הויכער ענין און גייט אויף דעם ריכטיגען וועג, דעם דרך האמת: ווען ער סטארעט זיך אויסצוווארצלען איטליכן געפיל, איטליכן אינסטינקט, איטליכע גלוסטעניש, איטליכן גידאנק, איטליכע פאָרשטעלונג — איטליכע אנטפלעקונג פונ׳ם לעבן און פונ׳ם זיין בכלל.

ד״ר ר. זעליגמאן



# דער געשטערנער איבּראָך

מיט מיין אַרטיקל בין איך ניט אויסן קיינעם איבּערצייגן אָדער דערווייזן, נאָך ווינציגער — קריטיקירן. מיין אויפגאַבּע איז נאָר אָנווייזן, אויפמערקזאַם מאַכן, גיבּן אַ געשריי, אַז מע זאָל זיך אומקוקן. און זאָל זיין, אַז פון מיין געשריי וועט אַרויס ניט מער, ווי אַ גרילץ, וועט ער דאָך לעכערן עמיצנס אַ טויבּן אויער. וויכטיג איז נאָר, אַז אינ׳ם גרילץ זאָל זיך פילן דער יום־טובֿ׳דיגער אטעם פון מאָמענט.

איך רעד מכּח דעם וואָס די יונגע און יונגסטע יידישע דיכטער אין רוסלאַנד האָבּן מיט שטורם גענומען די פעסטונג פון דער פאַרעלטערטער יודישער קריטיק און זיינען אַרויס פרייע, אָן שום אָפּשיי פאר׳ן אויפציערישן קריטישן אויג. איך שטעל דעם טראָפּ אויפ׳ן אויפציערישן, ווי אויף דער הויפּט־מכּה, מיט וועלכער די קונסט־קריטיק איז געשלאָגן. זי האָט זיך קיינמאָל נישט געקענט באַגניגענען מיט „מה נאה אילן זה״, און זאָל דער בּוים וואַקסן, ווי אים וואַקסט זיך — גלייך, קרום, אַבּי ער זאָל אַ בּוים זיין (און אין קרומקייט איז דאָך אָפט פאַראַן יענע גרויסע אונמיטעלבּאַרע שיינקייט, וואָס פעהלט אַזוי שטאַרק דעם סימעטרישן און גלייכן). זי האָט אויף אַלעמען געמאָסטן איר יחידיש קלייד און האָט גערדריקט, שאַבּלאָניזירט. און זאָל זי איצט שרייען מיט קולי־קולות, אַז זי באַמערקט נישט דאָס געשעהענע, אַז זי „שווייגט״ מחמת גאוה, וועלען אירע געשרייען דאָך פאַרטיליגט ווערן אונטערן קאָרגעזאַנג פון אַ גאַנצן דור נייע גליקליך־פרייע זינגער.

איך בּרענג דאָ ווייטער אין מיין נאָטיץ ס׳רוב מליצה׳דיגע פראַזן, רעטאָריק, יונגע בּרויזנדיגע שורות און דאָך איז אין זיי פאַראַן עפּעס מער ווי דיכטונג... ס׳איז נישט דער פאַרוועלקטער איינצלנער מיט זיין יחידישער ווייטיג־שטימע. עס רעדט אַ רבּים, אַ שליח־צבּור. אַ גאַנצער דור האָט אַ קוש געטון די כוואַליס פון גרויסן אומפאַרמיידליכן חורבּן איידער ער האָט זיך אַוועקגעלאָזן אויף זיי אומקומען און שווימען. דער דור האט זיך אויף אייביג געזעגנט מיט רוהיגע בּרעגן:

„פאַר יוגנט פאַרשייטער און דרייסטער, וואָס האָט
אירע האַפנס אויף שיפן פון אומזין פאַרבּיטן,
וואָס דענקט נישט און ווייסט נישט פון זיכערע,
רוהיגע בּרעגן, —
וואָס טויגן ערפאַרונגען און וויסן פון אַלטע
געמאָסטענע וועגן...״ [א. קושניראָוו]

און הפקר, הפקר, ווי דער מיליאָנען־קראַך פון אַלע אומגעקומענע יחידישע וועלטן, האָט דאס נייע ליד אַ שאָט געטון מיט ניין מאָס רייד, געעפנט בּיי זיך אַלע אָדערן און נערוון, אַלע קעמערלאַך, וואָס זויפן איין און בּרעכן אויס און... זיך פאַרכליונעט:

„דאָס רעדט מיט אייַך איך, עקראַן!
טאַשמעס פון סאַמיט אין ראַמען געגילטע
האָבּן לאנג מיך געהאַלטן געקאָוועט,
בּאַצירטע מחיצה׳ס, וועגט און צאָמען
האָבּן אונז שטענדיג געזונדערט,
און רוף מיינעם העלן האָט מען פאַרבּיטן
מיט קרומע געשרייען פון שילדן...

[א. קושניראָוו]

און ס׳זיינען זיך צוגאַנגען ווענט, „אויס דעכער, אויס צילן, אויס תּקופות. פון צייט צו צייט קומט נאָך אַלץ מאַנען זיין חוב דער נעכטן — דער אַלטער פעטער קומט צופאָרן מיט די טויטע פאָרן. ער פאָרט „אויף די ירידים״...

פאָרט מיין פעטער, טראָגט זיך אום
אין אַן אַלטער תּיבה אויף אַ קאַלאַמוטנע ים.
...חיות עופות פאָרן־ווייז טויטע אין דער תּיבה.

[ל. קוויטקאָ].

אַ פאַרמענט־געלינקע נשמה מאַכט אַלע מאָל אַ נייע אָנשטרענגונג אויף עפנען דאָס מויל. זי איז שוין כּלומר׳שט קיינער נישט און איז „אַלע״ — זי איז אינ׳ם דיכטער אַליין... לאַכט דעם דיכטערס שטורם און טרייבּט אַרויס פון זיך דעם דיבּוק — טרייבּט פון זיך דאָס אַלטע מתושלח מענשל מיטן זכרון פון אַ גאָט צי פון אַ קנעכט — דעם אייבּיג ניכטערן זכרון:

נו געווען איז אַמאָל אין מיין לאַנד,
אין גרינעם און טאָליגן ווינקל אין גליל,
נו געווען איז אַ אידישע מאַמע און געהאַט האָט אַ קינד,
און פון קינד איז געוואָרן אַ מאַן
מיט שאָפּענע גלויבּיגע אויגן.
... איז בּיז וואַנען קעגן הימלשן חלל
אויף קלויסטערישע שפּיצן
וועלן גאָלדענע פאַסן זיך קרייצן?

— — — — — — — — — — — — — —

און האָט דאָרט אַ צווייטער
געקלונגען אין בּלינדן
און ניכטערן בּוזעם
מיט דרייסיג מיט
זילבּערנע שטיק...

[די האָפשטיין]

איז דערשטיקן אים און פֿאַרשרייען אין זיך גופא, דעם אייביג ניכטערן זכרון, צופירן אים צו זיין אייביגער אַנטבלויזטער שאַנד און אים באַווייזן:

„אויף שלאַכטפעלדער וויסטע וואַלגערט איר זיך
געשאָכטענע
צערשטאָכענע
מיט אַרויסגעפאַלענע געדערעם,
ווי אויף מיסטיגע קופעס
זשומען אום פליגן אויף אייך
פאַרקריכן אין אייערע אָפענע מיילר
און לעקן.

[א. קושניראָוו

אדער: קוקט ס׳האָט
אַ קויל
אויסגעשאָסן
און ווען אפילו
פון אַ פייַער מויל
אויסגעשפיגן,
צי גאָר
אַ מעטעאָר?
דער ליגן
אויסגעשריגן
פון אַ גאַנצן דור?
ס׳הייסט: טויזנט הערצער פאָכן
און טויזנט מאָגנס קאָכן
און איך פאַר אַלע
אויסגעבראָכן.

[מ. ליפשיץ.

כ׳האָב בכיון גענומען ציטאַטן פון פיר כמעט אַלע פאַרשידנע פאָעטן. — פאַרשידנער חן, פאַרשידנע פאַליטרען, בילדער און פאַרבן, און דאָך געצילט אין איין פינטל, אין האַרץ פון גרויסן אָפּגאָט און אָהן קלענסטער מורא פאַר רעטאָריק, פאַר אויסערליך־וואָכידיגע קאַרבן און ציטטווייז — אפילו פאַר בדחניש. היי איר, וואָס רינצלט זיך די פנימ׳ר מיט בוימלדיגע חכמה׳לאַך פון אויסגעהאַלטקייט פון יונגער זקנה און פודרט זיך מיט רויך פון גרויסשטעטיגע ציגאַרן, איר, וואָס קוקט מיט קנייטשעלע ביים אויג, מיט קלוגעטשקן קנייטשעלע פון אייראָפּעאישן פעליעטאָניסט, — זוכט נישט ביי דעם יונגן דור פאָעטן קיין גאַנצקייט, קיין אָפּגעפוצטע שיך, צי קיין זשאָנגליאָריש שטעקעלע פון אַ ניימאָדישן פראַנט. ס׳שטעקט אין זיי עפּעס מער פון גאַנצקייט, ווי אין דער צייט — קיין מינסטער חשק אויסגעהאַלטן צו זיין מיט אייך, מיט זיך, מיט קיינעם: גאַנץ זיין? ווער האָט אויסגעטראַכט דעם ליגן? נישטאָ מער קיין געזעץ, קיין רוימען און קיין סדר. פזמונים! געזעץ האָט אויסגעטראַכט אַ מענש, אַ כאַאָטיש לעבן ליגט אין מיר, אין דיר און אין אַלע. נישטאָ קיין איינהייטליכער זין אין מיין לעבן, ווי אין דיינעם, ווי אין אַלע, וואָס טאַנצן אויף גרויסן גרעניץ אין קאַראַהאָד האַנט ביי האַנט, זייט ביי זייט, איינמאָל שכור, איינמאָל ניכטער — אויפן קאָפּ אַ גרויסע חופה, רויטע פלעקן, אַ חתונה. ווערענס? אַלעמס — מחותנים ביי טייפלאָנים. וויל אַ נייער דור מער נישט קניפלען בעת ער טריט אַריין אין לאַנד פון געלייטערטן נביאיש. דורך לעכר, ריסן מוז אַרויסקוקן דעם נביא׳ס לייב, ווי קאָן אַ נביא אין זינען האָבן זיך לאַטן?.. וויל ער שרייען פריי מיט ניין מאָס רייד, ווי ס׳שרייט אין אים אויפ׳ן שייד וועג זיין גאַנץ לעבן. — גאַנץ אין דרויסן און צעבראָכן אינווייניג — ס איז אַ ליגן אויסגעטראַכט ווי אַ ליגן־אַ געזעץ, א דור מוז איצט שיטן מיט ניין מאָס רייד, נאָר פון די ניין מאָס איז דאָס נאָך דערווייל נאר די מאָס די ערשטע...

איך האָב ציטירט דאָ נישט מער, ווי פיר. אָבער זיי זיינען אין די צענדליגער — אַ רבים. פאַראַן צווישן זיי פאַרביטערטע — בלאַסע פלעקן פון אייביג נישט געזעטיגטן קינסטלערישן גאַרן. דערויף איז דאָס אַ רעוואָלוציאָנערע צייט. אַ חתונה ביי דער מענשהייט — פראַנק און פריי שפרייזט אַרום דער בדחן און האָט תמיד צו פאַרקויפן פאַר אַ גראָשן וויינענדיגס צי שטורמדיגס. דאָס אמת קינסטלערישע האָט זיך נאָך נישט באַוויזן פון אים אָפּצוטיילן. איז דען חתונה אַ צייט „בדחניש“ צו באַקעמפן? ס׳איז יונגע פרייד — העלע ניט געפלאַנטע פאַרביגקייט. יונגע און שנעלע, שנעלע הענט רייסן בלומען אויף אַ פעלד אין אַ בשותפות׳דיגן בוקעט, מאַכן פונ׳ם בוקעט אַ בעזעם און קערן אויס די שטויב. איז צו אלע בלומען־ריחות פון בוקעט צוגעקומען אַ גערויך פון פרישן זומערדיגן שטויב... אַ חיות׳דיגער גערויך. אַ מנין הענט קערן אויס די שטויב מיט בלומען... און ס׳בלייבט, ס׳בלייבט פאַר די קומענדיגע דורות: אַ אויסגעקערטע שטוב; אַ פאַרשטויבטער בלומען־קראַנץ.

אין דער געשיכטע וועלן זיי געוויס אַריין גאַנצערהייד: „דער דור פאָעטן“, ווי אַן אוווערטיורע צו דער שטורמישער סימפאָניע, וואָס אָרגאַניזירט גליקלאַך די אומגליקליכע וועהגעשרייען בשעת׳ן אויפבויען פון לאַנגן פעסטן בריק, וועלכער פירט צום גלייכגעוויכט פון נייעם לעבן. זיי זאַלבן דאָ אַ נייעם גאָט. און ס׳מוז באַצייכנט ווערן דער ערשטער שווערער וועג פון די, וואָס שפאַלטן אַן אידיאָלאָגיע אין דער צייט. דאָפּעלט שווער איז דער האַמער, וואָס קלאַפּט אויף אייגענער שטיינערנער ברוסט. קוקט, ווי ס׳פליען אונ׳רחמנות׳דיגע פינקן פון אייגענעם אנגעווייטיגדיגן לייב:

איך וויל גאָר זיין מיין מוסר אינם חושך,
ווי איך שטעה און גנב׳ע, ווי די דיקע וואַנט
פון אייער נאַכט פון מיין נאַכט היט מיינע געשרייען, —
אויפלייכטן אַ בליק טאָן: — זעהט אָט בין איך,
האַלט מיך, כאַפּט מיך!

[מ. ליפשיץ.

זיי זיינען באַלד גרייט זיך לאָזן, ווי בדחנישע גאסן־זינגער איבער די הויפן:

ווער בין איך, וואס בין איך און וועמענס
אויב ניט וועלטס און ניט מענשנס אַ קינד.
צי בין איך ניט די פאסנדסטע טעמאַ
פאַר דער ליד, וואָס איך שאַף אַ צינד.
וואס בין איך, ווער בין איך און וועמענס
אין דהיינטיגן טאָג אינם שטארקן,
איך וואַרף אייך אין פנים דעם אמת,
אַז איך בין אַ קעסט־קינד פון מארקן.

[א. קושניראוו.

אן עכט באגאפטער פּאָעט, וואס דובל־ט אויס ביי זיך אויף ברוסטן־טאוול צירליך אויסגעטאָקטע שורות — שטארקע און דינאַמישע, ווי פייערדיגע שלאַנגען:

מיינע שיפן שוין וואַרטן אויף ווינטן
ביים האַפן פון צעשטערטן גליק.
איך האָב רוהיג צעשלייפט און צעבונדן
די רינגען, די קייטן, די שטריק.

אַזאַ דיכטער לאָזט זיך פלוצים אַוועק מיט קרומע בדחן־פיס אויף דער ארענע — אַ דביקות־טאַנץ פאַר זיך, פאַר מיר, פאר אייך און פאַר אַלע חוזקס, טייפל־ס, וואס זיצן אין מיר, אין אייך און אין אַלע. נאָר נאָך עפּעס שטאַרקערס זיצט טיף אין אים ווי אין אַנדערע אייניגע געציילטע זינגערס פון זיין דור — גרעסערס פון אַ גאָט און פון אַ לעבן. און אויפ׳ן פייער פון גרויסן מזבח מוז אויפגיין אַלעס, אַלעס צוזאַמען מיט זינדיג־אָנגעזויגענער טשאדנדיגער וועלט:

כ׳קען ניט מער! גענוג. איך בין די אַלטע זונה,
וואס פאַר אַ מטבע גייט זי מיט אייך שלאָפן.
אָבער איך בין דאָך מעהר, און ניט נאָר יענע זונה.
כ׳בין דאָך די גאַסן, וואו די זונות וואוינען,
כ׳בין דאָך די מטבע וואס וועט זי באַלוינען.
כ׳בין דאָך די פאַרוואָגלטע און זאַטליכע פאַרשווינען,
וואס מיט זונות גיין. איך בין דאָך אויך אַ זוינער,
וואס וועט מיט גלח מאָרגן זונות שטראָפן.

[מ. ליפשיץ.]

ס׳גליהט די גרויסע לייד. זי ל־עגט אריבער גאָט אויף קני און שמייסט אים אנעט. איז וועמען איז שוין דאָ צו גלייכן איצט מיט אָט דעם דור? אלטע קורזיכטיגע סקעפּטיקער־אויגן, ווייס איך, וועל־ן קריטיש נישטערן איבער אָטדי ציטירטע שורות און קנייטשן מיט די אַקסלען. אויף זייער אַלטן לאַ־טיק־שטייגער וועלן זיי וועל־ן קניפלען, זוכן די שפּורו פון אַ טאטן צי פון אַ „זיידן” און ניט געפינען, סיידן אין די אַמאָליגע נביאישע צייטן. ווייל ס׳איז בלאָס געזיכט פון שיידוועגס צייט. קען מען פאָרן צווֹיי קאסע אויגן אויף איין פנים, בעת יעדער אויג קוקט באַזונדער אין זיין תּהום? בערת יעדערער טראָגט אויף זיך באַזונדער זיין קאַרליק און זיין ריז?..

איך זאָג עס אָט אַ קעגן וואס:

ווי מיט אַ כיון ווערט באַ אונז פאַרשוויגן די יידישע דיכ־טונג אין רוסל־אַנד. צי אפשר דערגיין ניט פון דאָרט די ביכעלאַך — ביכער? צי אפשר זיינען די וואס טינטל־ן מיט די פּענעס עובר־בטל־. דאָ רעד איך ניט וועגן קריטיק נאָר פשוט וועגן אויפמערקזאַם מאַכן. ס׳קומט אויס, אַז אַ חוץ איינעם צוויי וואָס „לאַטן זעק” און טרעפן פּונקט צום בדחנישן און שוואַכן, זעה־ט קיינער ניט אָטדעם נייעם דור, וואס האָט אַ קוש געטאָן די כוואַל־יס פון גרויסן חורבן איידער ער האָט זיך געלאָזט אויף זיי אומקומען און שווימען. אויף אַ ים, באַשטראַלט מיט בלוטיגער שקיעה פון אַ וועלט, שווימען זיי אַוועק אין אַ גרויסער געשלאָסנער זיג־זאַגן־ריידהע. זיי ל־עגן קלאַפּטער ווי בני נביאים. און איר וואָס טינטלט מיט די פּענעס זענט דהאַלב מאַניאַק האַלב עובר־בטל גאוה־דיג, שטייט איר צו זיי אַלץ מיט די פּלייצעס, און וואַרט נאָך אַלץ מע זאָל אייך קומען בעטן, איר זעהט ניט ווי אויפן ווייטסטן שטעגעלע דאָרט, באַשטראַלט מיט לעצטן בלוט פון אונטער־גייענדיגער וועלט האָט עמיצער פון זיי, די אַוועקגעשווימענע, זיך שוין אַרויסגערוקט פאָרויס און מיט אַן האַנט אן אויסגצוי־גענער און אַ מידער מידער וואַרפט ער אָט־אָט־אָט אַריין אַ קלאַפּטער אין אַ וועלט א יומטובדיג אויסגעוואַשענער און אַ נייער.

דוד בערגעלסאָן



# די ליד פון מײַן גלייבגילט

פראגמענט

איינעם איז גענוג דער איצט,
גוט און וואויל איז אים,
און איך וואס זאל טון,
אז פאר מיינע בליקן
שטענדיק שטייען
פּאַספּאַרנע פראגע־בליצן:
„וואו?"
„וואוהין"

איך בין מיד שוין
פון שוועבן,
פון שווינדלען,
פון שווימען
פון ווייקן אין וואסערן פרעמדע
און מיט אייגנס
זאל מען מיך רייצן...

נו געווען איז א מאל אין מיין לאנד,
אין גרינעם, אין טאָליגן ווינקל
אין גָליל,
נו געווען איז אַ יידישע מאמע
און געהאט האט א קינד,
און פון קינד
איז געווארן א מאַן מיט שאָפענע גלויביגע אויגן...

איז ביז וואנן
קעגן הימלישן חלל
אויף קלויסטערישע שפּיצן
וועלן גאלדענע פּאסן זיך קרייצן?

ביז וואנען
וועלן בליקן באטריבטע
מיר פינקלען
אויף יעדן מיין מידן,
מיין בלוטיגן טראט?

און האָט דאָרט
אַ צווייטער געקלונגען
אין בלינדן,
אין ניכטערן בוזעם
מיט דרייסיג מיט זילבערנע שטיק...

נו זייט זשע פארשאלטן
איר אלע, וואס דרינגען
פארטרייבט
און פארוואָגלט זיך
איינער דעם אנדערן!
איר אלע, וואס שעפּטשען
פון אייביגע
שוועבלענע האָגלען
פון אייביגן וואַנדערן!...

ד. האָפּשטיין

# חסידות און אנטיסעמיטיזם

## געדאנקען

וועגן די ביכער: L'Ombre de la Croix און Un Royaume de Dieu
„מלכות שמים” און „דער שאָטן פון צלם”

אונזער אידישקייט איז פארגליווערט, אבער מיט חסידות קאָן מען נאך מגייר זיין. והא ראיה: משכילים און פארשייטע אַפּקורסים האָבן זיך אומגעקערט צו אידישקייט אויפן וועג פון דער חסידות. אונזער דור, פון די לעצטע צענדליגער יאָרן, פארמאָגט גרויסע בעלי תשובה. איינער פון די גרעסטע בנים שובבים, וואס האבן זיך אומגעקערט צוריק אהיים, איז געוועזן י. ל. פרץ: פון אַ מסית ומדיח, פון אַ משכילישן פאַרפירער און פארשטרויכלער רחמנא לצלן, איז ער מגולגל געוואָרן אין אַ עסטעטישן נביא פאר אַ גאנצער מחנה בני נביאים און האט געעפנט פאר אונזער ראַדיקאַלער, פריי־גייסטינער און וועלט־בירגערליכער אינטעליגענץ די שערי תשובה פון חסידישן ראָמאַנטיזם.

און האָבן מערב־אייראָפּעאישע אידן זיך פארביינקט צו אידישקייט — נאָך אַ פולע יאָרן בלאָנדזשעניש צווישן פרעמדע וויינגערטנער, יאָרן פון קוויקעניש ביי די וואַסערן פון בבל, — האט ווידער אַמאָל די חסידות געוויזן דעם וועג צוריק צו דעם אייגענעם „איך”. מאַרטין בובער יוכיח.

דאס איז קודם כל אַ פאַקט, אַן ערשיינונג פון אונזער קולטור־לעבן, און ווי מען זאָל זיך צו אים ניט באַציהען, ווי מען זאָל אים ניט אָפּשאַצן, ווייזט ער בכל אופן אויף דעם נפשות־באַשאַפענדיגן כח, וואס האט זיך פלוצים אַנטפּלעקט אינם אידישקייט צוליב דער חסידות. מיט דער שפע פון אירע כונות, מיט דעם ברען פון איר התלהבות, מיט דעם ברייטן האַרץ, וואס איז צובראָכן און פרייליך אין איין צייט, — אָט מיט דער מצוה פון אַלע מצוות, וואס שטעהט ביי דעם טויער פון יעדן אמת׳ן גלויבן, דעם רחמנא לבא בעי, האט די חסידות באַפרייט דאס אידישקייט פון זיין התבודדות, אין וועלכן עס איז אַריינגעפאַלן צוליב דעם לאַנגען גלות־אָפּריכטן, און דאס אידישקייט האט ווידער אַמאָל אָנגעהויבן אַריבערגיין איבער די ברעגעס און פאַרפלייצן נשמות — דער אמתער סימן פון אויפלעבענדיגן גלויבן.

דאס און נאָך עפּעס. נישט נאָר פאַרפרעמדעטע, נאָר אויך לחלוטין פרעמדע, — נישט נאָר אָפּגעריסענע אברים פונם אידישן גוף האבן זיך ווידער באַהעפט מיט אים צוליב דער חסידישער התלהבות און דבקות, נאָר אפילו אמתע גויים האָבן זיך דערנעהנטערט צו אידישקייט צוליב דער חסידות. און נאך אַ טריט ווייטער. די חסידות האט געגעבן די מעגליכקייט פאר ערליכע אַנטיסעמיטן חוזר בתשובה זיין און געפינען אַ וועג פון שלום מיט אידן און אידישקייט. זי האט זיי באַוויזן דעם אידישן סטיל, די אידישע גאַנצקייט און אָרגינאַלישקייט און זיי האָבן דערפיהלט, אַז זייער אַנטיסעמיטיזם איז געוועזן אַ פּראָווינציאַליזם, וואס האט געשוועבט אויף דער פלאַך פונם לעבן, נישט דערגרייכענדיג ביז צו זיינע טיפענישן, אז ער האט זיך געשפייזט מיט גאָר נאָהענטע פיינדשאַפטן, מיט דער קנאה צו דער קאָנקורענץ פון אידישן אַסימילירטן בירגער־קלאַס. די ערליכע אַנטיסעמיטן האָבן דערפיהלט, אז דאס קערענדל אמת, וואס איז פאַראַן אין אַנטיסעמיטיזם — דאס אָנווייזן אויף די אייביגקייטס־שטריכן פון אידישן פאָלקס־כאַראַקטער, אויף דער פחדנישער אידישער מימיקרי, די היסטאָרישע, ווי דער גלות לאַנגע שפּיל אין באַהעלטעניש, דאס פאַרגראָבן פון דער אידישער נאַציאָנאַלער פּערזענליכקייט אונטער פארשיידענע מאַסקעס, ווי רעליגיע, ליבעראַליזם, קאָסמאָפּאָליטיזם, סאָציאַליזם, וועלט־פּאָליטיק, וועלט־ליטעראַטור און דער עיקר וועלט־זשורנאַליסטיק, וואס איז געוואָרן דאס גרויסע אַנאָנימע פּאָטערלאַנד פאַר אַלע „פּאָטערלאַנדסלאָזע”, פאַר אלע צעזייטע און צעשפּרייטע, פארשטויסענע און פארטריבענע (אמתע ליטעראטור, אמתע קונסט טויג נישט שטענדיג פאר א מאַסקע, ווייל אַן אמתער ליטעראַט, ניט קיין זשורנאַליסט, מוז אָפט מודה זיין אין זיין אידישקייט צוליב דעם באַדערפעניש פונם טאַלענט אין אויפריכטיגקייט) — אָט דאס דאזיגע קערנדל אמת, וואס איז פאַראַן אין אַנטיסעמיטיזם און וואס דערוועקט אינם איד דאס קינסטליך פאַרשלעפּערטע איך־באַוואוסטזיין, געפינט זיין מאָראַלישע באַרעכטיגונג ערשט דענסטמאָל, ווען די קריטיק קומט פון אינעווייניג, פון עמיצן, וואס קאן אַריינקוקן אין תוך און מאכן פון דער פיינדליכער קריטיק אַ כלי זין פאַרן אָפּשאצן אינעווייניגסטע אידישע באַציהונגען, פאַרשיידענע אידישע קולטור־פאָרמאַציעס, מיט איין וואָרט, ווען די קריטיק — דאס הייסט די שנאה — ווערט אויסגעלייטערט דורך ליבע, און די פאַראַכטונג ווערט פארביטן מיט דרך־ארץ־געפילן. און דעם דאָזיגן נס פון גלגול נשמות, דאָס איבערגעהן פון געפילן פון איין בחינה צו דער העכערער, באַווייזט אונז ווידער אַמאָל די חסידות אינם ביישפּיל פון די ברידער זשעראָם און זשאַן טאַראָ מיט זייערע צוויי ביכער „מלכות שמים” און „דער שאָטן פון צלם”.

צוויי פראנצויזישע שרייבער־אנטיסעמיטן, געפירט פונם אינטערעס, וואס סע קאן ארייינגעבן די ליבע אד ר די שנאה, האבן געוואלט דערגיין ביז צום סוף און ארויסגעפינען דעם עצם, דעם מהות פון זייער שונא. זיך צוקוקענדיג צו זייערע אייגענע פראנצויזישע אידן, זיינען זיי געווארן פול מיט אנטיסעמיטישן אומצוטרוי: עפּיס איז זיי דארטן אויסגעקומען ניט גאר גלאט, און מיט דער שארפקייט פון שנאה־אינסטינקט האבן זיי דערפיהלט דעם געניאליש־קונצענמאכערישן אנשטעל, דעם וועלט־היסטארישן מאסקאראד, וואס די פראנצויזישע אידן האבן אינסצענירט פאר זיך און פאר דער וועלט. זיי זיינען געווען איבערצייגט, אז אידן זיינען אן אריגינאליש אפּגעזונדערט פאלק, אז נישט קוקענדיג אויף אלע גלייכמאכערישע הלבשות, אלע מאסקעס פון דער אייראפּעאישער ציוויליזאציע שטעקט אין זיי עפּעס אויסטערלישעס, וואס שיידט זיי און קלויבט זיי אפּ פון אלעמען, צום גוטן און צום בייזן — נאר ווען און וואו קאן מען דאס דערזעהן אהן שום איבערגעשפּיצטע ראיות און לאנגע פּירושים? אודאי נישט אין פראנקרייך. און אונזערע ברידער האבן זיך געלאזט גיין און זוכן איבער דער וועלט דעם ארט און קוואל פון „ריינעם אידישקייט", וואס איז אפּגעהיט פון צונויפמישעכץ, און — יגעת ומצאת — זייער שנאה איז געווען אן ערליכע (אן עקרה איז נאר די אומערליכע שנאה!) און דעריבער איז זייער אויפמערקזאמקייט געווען אן ערנסטע און זי איז באלוינט געווארן: אין אונגארן, פוילן און אוקריינע האבן זיי געפונען דאס, וואס זיי האבן געזוכט.

צווישן די בערג פון די קארפּאטן, אין די אונגארישע און פּוילישע וועלדער און פעלדער ליגן צעווארפן אויף שיידוועגן צלמים פון שווארצן בלעך, אויף וועלכע נישט געניטע, תמימות'דיגע קינסטלער־הענט האבן אויסגעמאלט קריסטוס־בילדער. בלייך זיינען די פארבן, פון רעגענס פארוואסערט, און שווארץ איז דאס בלוט, וואס רינט ארויס פונם קערפּער, וואו דער שפּיז האט דערגרייכט.

אין שאטן פון די צלמים האבן זיך באזעצט פון אלטע, אוראלטע צייטן — אידן. אויפגעבויט ישובים מיט יע'יבוה, הייליגע קהלות, אן אמת'ע ממלכת־כהנים, וואס איז מבטל די דאזיגע וועלט און איז מכוון אלצדינג צו דער קומענדיגער וועלט, וואס איז מתקן דאס גשמיות ביז צו דער בחינה פון רוחניות, וואו מען „שטייט שטענדיג פאר גאט" און אלצדינג, וואס מען טוט — עסן, טרינקן, שלאפן און אנדערע זאכן — טוט מען עס פון זיין ליבן נאמען וועגן, — אן אויסטערליש טשיקאווער לעבנשטייגער, א מלכות שדי, — Un Royaume de Dieu, אויסגעבויט אין מיטן שווארץ־טומאה, צווישן ווילדע קאזאקן, וואס זינגען פארשייטע לידער פון סטענקא ראזין און חצופישע שיקסעס, וואס די קאלירן פון זייערע קליידלעך ברענען אזוי ווי זייערע תאוות. אין מיטן אט דער פריילעכער, לוסטיגער, לעבעדיגער און לייכטזיניגער וועלט מיט אירע טויזנט קאָלירן האט זיך ארייינגעשניטן איין איינציגער שווארצער ערנסטער קאליר פון דער חסידישער אטלאסענער קאפּאטע, אויף דעם פלאך פון דער גויעשער נאקעטקייט האט זיך בולט אויסגעטיילט די אידישע אנגעטונקייט — מיטן בארד און פּאות, מיט דעם שטריימעל, און מיט דער יארמולקע אונטערן שטריימעל, מיט דער צוגעדעקטקייט, צוגעקנעפּעלטקייט, וואס איז מבטל דעם גוף אינם ים פון בגדים און פארהייליגט אים דערמיט וואס זי פארשפּארט דעם וועג צו אים, וואס זי פארווערט דעם אויג א קוק טון, דעם אויער א הער טון — בעת די נשמה איז אנגעזאפּט מיט אנצוהערענישן אויף משיח, גאולה, געטליכקייט און ברידערליכקייט, א מעין מלכות שדי, אוועקגעשטעלט, ווי עס ווייזט אויס, אויף אייביג אין די זומפּן, אין דער בלאטע פון די אונגארישע, פוילישע, אוקריינישע שטעטלאך.

אט די דאזיגע אמת־משונה'דיגע, הפלא־ופלאדיגע עטנאגראפיע האבן די פראנצויזן אנטפּלעקט פאר זיך און באשריבן פאר דעם פראנצויזישן פּובליקום, וואס האט מיט נייגעריגקייט און אפשר מיט נאך עפּעס א טיפערן אינטערעס גענומען ליינען די דאזיגע ביכער פון די ברידער טארא און אויסגעליינט ביז אן ערך אכט־און־פערציג אויסגאבן. און אט שטייען די פראנצויזן און הדוש'ן זיך איבער דעם רוחניות'דיגן בית־המקדש, וואס איז אויסגעבויט אין דער בלאטע, אינ'ם אונאויסשעפּליכן שמוץ — ווארים אויך דעם שמוץ פונם חסידי'שן געמויזעכץ פארגעסן נישט די פראנצויזן צו באשרייבן ובנשימה אחת דערציילן זיי ווי מען כאפּט ביי אידן געדאנקען אדער — לייז, זיך אננעמענדיג פארן שפּיץ בערדל — און זיי פיהלן די גאוה פון אנטפּלעקער: עפּעס א שבט פון דעם פאלק האבן זיי געפונען, וואס פארגיט אזא מורא'דיגע רעטעניש דער וועלט, זיי האבן אנגעטאפּט דעם דופק ביי דעם פאלק, וואס וואוינט כלומר'שט צווישן אלעמען, אבער לעבט אין דער אמת'ן אליין, אפּגעזונדערט פון אלע פעלקער, וואס ארבעט און יום־טוב'ט אויף זיין באזונדערן שטייגער, וואס לעבט אויף דער וועלט מיט א כונה צו יענער וועלט און פארשטייט עפּעס אזוי אנצושטרייינגען זיין התפעלות און זיין התלהבות, אז סע חלומ'ט אוף דער וואר און באנעמט די פאסירונגען פון דער וועלט נישט פשוט, נאר מיט פּירושים און רמזים, דאס איז דאס פאלק, וואס האט ביז צום היינטיגן טאג ניט אנגעוווארן די ביינקשאפט צו נסים, ניט אנגעוווארן דעם בטחון, אז נסים וועלן פאר אים געשעהן — לשנה הבאה בירושלים! — אט טאקי דאס קומענדיגע יאר, אט טאקי באשיינפּערליך, מען זאל דעם נס קאנען אנטאפּן מיט דער האנט, ווארים ישראל איז אויסגעקליבן געווארן און דער אויבערשטער האט מיט אים אפיר גאר א הויכן מיין, אויב ניט די טיפסטע כונה פון דער וועלט־געשיכטע. און דערציילענדיג אין א פשוט'ן ספּור המעשה וועגן די מנהגים און כונות פונם אויסטערלישן פאלק, האבן זיי פאר זיך קלאר געמאכט דעם סוד פון זיין עקזיסטענץ, דער פּירוש פון זיינע מאדנע העויות, פון זיין בטחון און זיין חוצפּה און דער עיקר זיין עקשנות. ווארום די גאנצע אייביגקייט פונם אידישן פאלק איז דאך נישט מער ווי אן עקשנות. צי איז דען ניט קלאר, אז מענשן וואס קענען אויף אזוי ווייט זיך אויסטון און אָפּזונדערן פון דער וועלט ווי דער סופר פון בעלז (דער העלד פון L'Ombre de la Croix) דארפן פאר דער וועלט נישט מורא האבן? און גובר זיין די תאוות פון דער וועלט באטייט גובר זיין די וועלט, באטייט לעבן אייביג. אטדאס איז דער סוד פון דער אידישער אייביגקייט און אויך פון דער אידישער גאוה. ווילט איר וויסן, פון וואנען סע נעמט זיך די אידישע גאוה, וואס ווירקט אַזוי נישט אַנגענעם אין א פּאַריז, צי א בערלין

און דערוועקט דאָרט דעם אַנטיסעמיטיזם, טאָ גייט זייט מוחל צו די פּוילישע, אונגאַרישע, אוקריינישע אידן און קוקט זיך צו צו דער גדלות אין דער שפלות, באַנעמט דעם לעבעדיגן, גאָר ווי אין מיטלאַלטער, אתה־בחרתּנו־געפיהל, וואָס מאַכט גלויבן דעם איד, אַז ער איז די כּונה פון דער בּריאה און פון דער וועלט־געשיכטע, קוקט זיך צו צו די קהלות קדושות, וואו סע קיניגן אין די הויפן די רביים מיט די בּרענענדיגע אויגן, וואו סע זיצן איינגעבויגן די סופרים איבערן הייליגן פּאַרמעט און זיינען זיך טובל יעדעס מאָל איידער זיי גרייטן זיך אויסשרייבן דעם שם הויה, און איר וועט פאַרשטיין, פאַרוואָס אַלצדינג אַרום זיי אין איינעם מיט זייערע שונאים — קאָזאַקן, פּאָגראָמשטשיקעס, פאַרשייטע שקצים — דאַרפן בטל ווערן, ווי אַ כּלי זין ווערט בטל אין דער האַנט, אין דער כּונה פונם באַשעפער.

אט אזוי זיינען אונזערע פראַנצויזן ארויסגעגאַנגען ווי בּלעם בּשעתּו מיטן מיין צו שעלטן אידן און האָבּן זיך אומגעקערט אהיים שיער נישט מיט א בּרכה אויף די לעפצן. די חסידות האט זיי מגייר געווען. און נישט מיינט, אז זיי האָבּן אָנגעשריבן א הלל אויף אידן. ניין, זייער אַנטיסעמיטישער אָפּשטאַם פּיהלט זיך נאָך אין די ביכער, זיי האָבּן פונם פּריהערדיגן גלגול אריבּערגענומען א פולע אינם איצטיגן גלגול, זיי זיינען נאָך אַלעמען פארבּליבּן נישט מעהר, ווי חסידי אומות העולם, און פון צייט צו צייט באַווייזט זיך צווישן די שורות דער אנטיסעמיטישער געדאַנק, אַנטפּלעקט זיך די אנטיסעמיטישע שטימונג, נאָר טאַקע צוליבּ דעם איז זיך נאָך מעהר צו חדושן איבּער דעם אויסטערלישן זווג, וואָס דאָ איז באשאפן געוואָרן פון שנאה און אַכטונג, פון פיינטליכער נייגיריקייט און דעם חשק צו וויסן, צו דערגיין דעם אמת.

אין פאריז לעבּן די מענדעס, די בּערנארס, די לעוויס וואָס דערוועקן צו זיך קנאה, שנאה און פיינטליכע פאַרוואונדערונג. אז מען פרעגט זיי וועגן זייער יחוס, טענה'ן זיי אין איין קול: מיר זיינען פראַנצויזן, מיט אלע פראַנצויזן גלייך. נאָר אט שטעלט זיך אָפּ אויף זיי די אויפמערקזאַמקייט פון שונא און עקבּערט זיי און זיך מיט דער אייגענער שאלה: פון וואַנען נעמען זיך אט די אָריגינאַלישע טיפּן מיטן באַזונדערן בּרען אין די אויגן, מיטן אָריגינאַלישן קנייטש פונם מוח, וואָס מאַכט אָפּט פאַר זיי ציטערן — און דער שונא גייט זוכן איבּער דער וועלט און געפינט דעם שורש פון „זיינע" פאַריזער אידן אין די אידן פון די קליינע שטעטלאך פון מזרח־אייראָפּע; מער נישט איין חילוק פאַראַן, נאָר דער דאָזיגער חילוק קלעקט אויף פארשרייבּן די מענשן צום טויט, צי צום לעבּן: דער פאַריזער הערט נישט, אז מען זאָגט צו אים שמע ישראל! ער הערט שוין נישט אויף דעם קול פון זיין „איך"...

עס איז נויטיג געווען א שטאַרקע אינטואיציע, כּדי אינם טויבּן שווייגן פון די פּאַריזער אידן דערהערן דעם דערשטיקטן קול פון דער אידישער אייגענאַרטיגער געשיכטע, און זיך לאָזנדיג גיין נאָך דעם דאָזיגן קול דערבּלאָנדזשען בּיז צו דער חסידישער נגינה, ניט פאַרשטייענדיג די שפּראַך, ניט וויסנדיג דעם פּירוש המלות האָבּן זיי אין די בּאַוועגונגען, אין דעם הלוך דערפיהלט דעם לעבּענשטייגער, דערשמעקט דעם אויר פון דער סבּיבה, צייטנווייז אפילו די נשמה פון דער חסידישער וועלט און באַשריבּן דעם שבּת און די וואָך, דעם קודש און דעם חול, וואָס זיינען דאָרט אזוי אויסטערליש אויסגעמישט, אז די גרעניצן ווערן כּמעט ווי נעלם. אט פאַר דער דאָזיגער אמת־פראַנצויזישער אינטואיציע, פאַר דעם קוק מיט דער נשמה אין דער נשמה, פאַר דעם, וואָס זיי האָבּן אונז ווידער א מאָל געגעבּן די מעגליכקייט צו בּאַפרידיגן דאָס בּאַדערפעניש פון יעדן זעלבּסט־בּאַוואוסטזיין אין „שפּיגלען זיך" — קומט די בּרידער טאַראָ אַן אידישער יישר כּח.

וו. לאַצקי־בּערטאָלדי

